# די יודישע צוקונפט


א חודש זשורנאל פאר לעבען,
ליטעראטור און וויסענשאפט.

רעדאקטאר: דר. י. ווארטסמאנן.

צווייטער יאהרגאנג. אפריל. 1905 IV. העפט


## אינהאלט:




קראקוי — לאנדאן — נעוו־יארק.

**DIE JÜDISCHE ZUKUNFT**

Monatsschrift für Leben, Literatur und Wissenschaft.

**Zweiter Jahrgang. April 1905, IV.**

Preis: 6 Kr. ganzjährig; 3 Kr. halbjährig.





Verlag „Die jüdische Zukunft".
Für die Redaction verantwortlich—M. Fischer.
Druck von Josef Fischer in Krakau.

# אחוב.

(ערצעהלונג).

---

שפּעט ביי נאַכט. דאָס בית המדרש איז לעער. צווישען אויווען און די וואַנד פון די ווייבער׳ישער שוהל קרעכצט עמיצער. דאָרט שטעהן צוויי בענק צוגערוקט צום אויווען, און אויף זיי, אונטערגעבעט אַ פּאָר אַלטע חאַלאַטלאַך ליגט אַ יוד. איין אַלטער מיט אַ גרויי האַלב אויסגעקראָכען בערד׳ל. דאָס גוף — איין איינגעטרוקענטער שאַרבען צום איינבּרעכען זיך, און דאָס פנים — געל, דיקלעך, נור אַ ביסל גלאַנ־צענדיג... און די אויגען פון אונטער׳ן איינגעפאַסטען שטערן אין קאַפּעל בלאָנדזען מיעד איבער׳ן שטילען בית המדרש. דער אומרוהה פון וואַנד זייגער וויעגט זיך שטיל, טיק־טאַק, טיק־טאַק. פינסטער הענגען די לאָמפּען איבער די לאַנגע שירות טישען, נור אונטער׳ן בלעמער ברענט טונקעל איין לאָמפּ, בענגליך קוקענדיג צום בלישצענ־דיגען נר־תמיד, וואָס וואַרפּט אַ ברוּיליך מאַט׳ן שיין אויפ׳ן בעליק פאַר׳ן ארון קודש. אויף דעם עמוד ברענט אַ יאָהרצייט ליכט און דאָס פלעמאָל ציטערט צו איבער דער טיעף איינגעברענטער שנויץ. זעלטען טהוט עס זיך אַ ציה אין דער הייך שמאָל אויסגעצויגען און בלייבט אַ רגע גלייך, ווי ווילענדיג אַריבער קוקען, וואָס טהוט זיך אין יענער זייט בלעמער...

פון דרויסען הערט זיך טריט געגעהנען צו דער טיהר און באַלד הערט זיך אַ רודער׳ן ביי דער קלאַמקע. די טיהר עפינט זיך און עמיצער קומט אַריין. די טינקאַלע פיגורע מיט׳ן שטיקעל אַרויסגעזעהנעם פנים רוקט זיך צום אויוען מיט שווערע לאַנג־זאַמע טריט. אַ יוד אין אַ גראָבער בורקע. ער לעגט אים דעם קאַפּטער פון קאָפּ און לעהנט זיך אָן אויף דער באַנק פאַר׳ן אויווען, אונטערגעשפּאַרט דען עלענבויגען אונטער׳ן לענגליכען פנים און שפּיציג בערד׳ל.

ליגענדיג הערט ער די קרעכצען און ער פרעגט מיט אַ גראָב קול:

— ר׳ מאטקע! וואָס איז אייך?

יענער קרעכצט ווייטער אָהן ענטפער.

דער יוד הייבט אויף דען קאָפּ, און זיצענדיג אויף דער באַנק בייגט ער זיך אָן צום ווינקעל אויווען, קוקט אַריינטער און פרעגט נאָך אַ מאָל:

— ר׳ מאָטקע. וואָס איז אַייך?

— ווער איז? — פרעגט דער אַלטער שוואַך.

— איך, ישראל!

— אַה, ישראל — — עָה גאָר נישט...

— וואָס דען קרעכצט איהר?

— וואָס פּרעגסט דו, קינד, נישט גוט איז אַליין... אפילו שטאַרבען...

— וואָס, ס'אי' היינט ערגער?..

— ערגער, בעסער... אַלץ איינס... אַלץ איינס שוין.

— וואָס זאָגט איהר עפּיס — אַליין... וואָס עפּיס היינט? און אַלע נעכט ווי אַזוי? נישט אַליין?!

— מילא, אַלע נאַכט, טאַקי אויך דאָס אייגענע...

ישראל שווייגט. „אפשר דאַרף מען טאַקי וועמען?“ פאַלט איהם איין; „אפשר אַ חברה־מאַן?..“ און באַלד גערט ער צו צום ערשטען טיש, נעמט אראָב דעם ברענענדיגען לאָמפּ און קומט צוריק צווישען אויווען אַ־יין.

דער אַלטער קוקט פערוואונדערט:

— וואָס טהוסט דו, ישראל?..

— גאָר נישט... אַ קוק טהון צו ליגט איהר גוט...

— שטעל אַוועק, ישראל... עס האַלט נאָך נישט דערביי...

— ווער זאָגט, חלילה! אדרבה, איהר זאָגט — אַליין, אַליין... נעם איך דען לאָמפּ פאַר היימליכקייט. גלאַט אַזוי, זיצען אַ ביסל, שמועסען פאַר היימליכקייט...

— נו, נו... שטעל צוריק דען לאָמפּ, שמועסען קען מען אַזוי אויך, אָהן לאָמפּ אויך, אַז דו ווילסט.

ישראל גערט צוריק מיט'ן לאָמפּ אין דער האַנד, הענגט איהם אַריין איבער'ן טיש און קעהרט זיך צוריק אום צום אויווען און זעצט זיך אויף זיין אָרט.

— ישראל! — רופט ר' מאָטקע.

— וואָס' אי?

— ווי שפּעט קען שוין זיין אַצינד?

— אַצינד? באַלד... אויף דער סטרוזשקע בין איך אַרויס געגאַנגען — האַלב צוועלף, איז שוין אַזוי גרויס ווי אַ שעה צוויי... יאָ...

— וואָס טויג דיר דאָרט, ישראל...— רייסט איהן ר' מאָטקע איבער — גערה צו צום זייגער...

— אַ נפקא מינה...— רעדט ישראל שוין צו זיך, אויפשטעהענדיג פון אָרט. ער גערט צו צום זייגער, קוקט זיך איין, ציילט אַ ווילע די גראָבע שטריכען אַרום ווייזער און גערט צוריק צום אויווען.

— נאָך צוויי שוין...— גיט ער ר' מאָטקען צו וויסען.

— נאָך אַלץ נישט טאָג...

— אַוודאי נישט, פורים־צייט... היינט ווערט טאָג זעקסע — ימים טובים־צייט אויך אַזוי...

— נו, עפּיס גוט אַזאַ לעבען, ישראל, נאַכט ביי נאַכט אויסצוקוקען דעם טאָג?..

— מילא...— טהוט ישראל אַ ציה די פּלייצעס, און פערוקט זיך אויף דער באַנק אין דער אַנדערער זייט אויווען.

אַ ווילע איז שטיל. פּלוצים וועקט ר' מאָטקע ווייטער:

— ישראל, ישראל.

— וואָס איז?
— זיי־זשע מוחל, קום נור אַהער.
ישראל שטעהט אויף פֿון דער באַנק און שטעלט זיך אין עק צווישען אויווען.
— זאָג מיר, ישראל, נאָך אַ סך ברויט וועל איך קאַליע מאַכען?..
ישראל טהוט ווייטער אַ ציה די פלייצעס, טראַכט אַ ווײלע און ענטפֿערט:
— עה, ר׳ מאָטקע, אַ מענש טאָר נישט זינדיגען, טאָר זיך נישט איינשפאַרען ביי גאָט...
— ישראל, איך בעט דיך, דאָ אין ווינקעל, אין דער ספרים־שאַנק, וועה, אַ טעפאלע, דערלאַנג עס מיר.
ישראל מאַכט אַ טריט צו דער שאַנק, נעמט אַרויס אַ טעפאלע און דערלאַנגט עס, פֿרעגענדיג:
— וואָס איז עס דאָ?
— אַביסל בארנע יוך האָט מיר אַ יודענע געברענגט, דאָס מויל שמאַכט מיר.
ר׳ מאָטקע זעצט זיך אויף, נעמט דאָס טעפאלע מיט דער ציטערדינער דאַרע האַנד, בליקט אריין און טהוט עטליכע שלונג. דערנאָך נעמט עס ישראל צוריק און שטעלט עס אַוועק אויף דעם פֿריהערדיגען אָרט.
— זעהסט, ישראל, ווי דאַ יאָגט אַ קעלט? — ווייזט ער איהם אויף די טיהר פֿון די ווייבער־יישער שוהל — דאָס האָבען די ווייבער אָבגעריסען דען האָק דעם שבת, אריינגעפאַקט זיך צום חתן־בעוואַרפֿען...
— מ דאַרף פֿערשטאָפען...— ענטפֿערט ישראל.
— מ׳דאַרף.
— מיט וואָס?
— אָט וואַלגערען זיך בלעטלאַך.
— עה... שמות?...
— ווייסט דו וואָס, ישראל? אַ לייבעל אַ צעריסענס ליגט דאָרט אין ווינקעל צווישען די שמות — נעם פֿערשטאָפּ...
ישראל געפֿינט דאָס לייבעל, פֿערשטאָפּט די טיהר און פֿרעגט:
— איבערבעט׳ן אפשר?..
— ניין, ניין, שראל׳ישי, אַ שיינעם דאַנק, קענסט שוין געהן, הונדערט יאָהר זאָלסט דו לעבען.
ישראל נעהט צוריק אויף זיין אָרט און שפּאַ־ט זיך אָן.
אַ ווײלע איז שטיל. עס הערט זיך דעם זייגערס טיק־טאַק, טיק־טאַק, און ר׳ מאָטקעס קול וועקט ווייטער:
— ישראל, ישראל...
— וואָס איז?
— זיי־זשע מוחל...
ישראל שטעהט אויף, שטעלט זיך צווישען אויווען.
— נו?..
— ישראל, דו האָסט געקענט מענדל פתחיה׳ס און דוד פתחיה׳ס, זיינע צוויי זיהן?

— מענדל פתחיה'ס און דוד פתחיה'ס ?..

— יאָ.

אַ שאלה!.. גוט געקענט, אַזוי ווי מיינע צעהן פינגער...

— עפּיס אַ שיינעם סוף געהאַט ?..

— אַוועק געקומען אין דער האָלירע, נישט געדאַכט זאָל זיין, די שענסטע מענשען אין שטאָט.

— זייער פאָטער, ר' פתחיה, נישט פאַר דיין געדענקען, אויך אַ שיינער מענש... דער ראש הקהל געווען.

— איך געדענק איהן נישט.

— און דאָס הויז, ביסט דו אַ מבין, אַ תל ס'איז ?..

— הייבט זיך אָן, ביי גאָט איז עפּיס אַ גרויס עסק ?..

— איי, וואָס ווייסט דו !.. ווען איך בין צוריק געקומען און כ'האָב עס דער־זעהען, האָב איך מיינע אויגען נישט געגלייבט... ר' פתחיה'ס הויז !.. איך געדענק אפילו, ווען מ'האָט דעם ערשטען שטיין געלעגט אויף אַ פונדאַמענט... ס'איז שוין אַ מעשה פון אַ יאָהר פיפציג, אויב נישט העכער — האָסט דאָך אַ סמן, נאָך איידער איך בין אַוועק פון היע — — ווי אַלט, ישראל, ביסט דו דען אין גאַנצען, אַ יאָהר זעקס און דרייסיג ?

— אַכט און דרייסיג.

— און איך געדענק עס ווי היינט. אַ נאַרישקייט. אפילו די קארפּינקע, אַ געפּינגערטע קארפּינקע... ר' פתחיה אין די שיך און זאָקען און אין דער סערזשינער שבת'דיגער יופּיצע האָט געטיילט בראָנפּין די בעלי מלאכות וואָס האָבען געבויעט. איינער, ר' פיניע, איז געווען דער אנטיפרינער, אַ מייסטער אַ קאָפּ-שטיק — — — און דאָס הויז האָט אַזאַ שוואַרצען סוף... דערצייל מיר, ישראל, דערצייל ווי אַזוי ?..

— אַ גאָר־נישט מיט אַ גאָר־נישט — — — איך ווייס נישט מעהר, איך פלעג דאָך שטענדיג געהן אַ סטרוזשע פון יענעם הויז. ווייס איך נישט מעהר, די ברידער, די שותפים הייסט עס, פלעגען זיך תמיד דורס'ן. מיך נאָכ'ן גילדען פאַר דער סטרוזשע פלעגען זיי מיך אָנשיקען איינער צום אַנדערן — זאָל דער צאָהלען, זאָל יענער צאָהלען, דערוויל האָב איך געהאַט ס'לויפעניש... נור דאָס איז נאָך גאָר־נישט מיט גאָר־נישט... דורס'ן פלעגט מען זיך ערשט איבער'ן דאַך פאַרעכטען, קיינער האָט נישט געוואָלט לייגען אַ גילדען, אַ שינדעל, איהר זאָלט עס זאגען... און אַ הויז, זאָג איך, איז פונקט ווי אַ בגד, נישט צוגלייכען, כ'וועל אייך ווייזען, אַ שטייגער, מיין רבקה וואָלט מיר נישט געלייגט אַלע מאָל אַ לאַטע אויפ'ן בגד, פאַלט עס פון מיר אַראָב שטיקער־ווייס... וואָס נישט ? דאַריבער איז עס... דאָס אייגענע איז דאָ אויך — נישט פאַריכט, איז נישט ! רעגענט, רעגענט, ביז עס פערפוילט צו אַלדע שוואַרץ־יאָהר.

— קאַרגע געוועזען ?

— עט, נאַט אויך אַ גראָשען פאַר'ן קאַרגשאַפט. עפּיס אַ קליינינקייט צוויי ברידער אין איין הויז, בפרט נאָך אַ ירושה ?.. נור אַ מערכה, הערט איהר, די שלאַפקייט, וואָס איז געווען מיט זעקס יאָהר צוריק, נישט היע געדאַכט, האָט זי געמאַכט אַ פשרה — דיר אַ בעזונדער הייזעל און דיר אַ בעזונדער הייזעל... נאַט

איך, קינדערלאך, און שאַ... רייסט זיך נישט ביי די קעפּ — — — און די ירושה, די פּערפּוילטע ירושה, האָט פּאָליציי באַלד געהייסען פּערקלאַפּען די פּענסטער מיט ברעטער...

ר' מאָטקע אַטהעמט לייכט אָב און פּרעגט:

— און פון ר' פּתחיה'ן, פון זיין טויט, ווייסט דו גאָר נישט?

— פון וואַנען?

ר' מאָטקע פּערשווייגט, פּערטראַכט זיך אַ ווײַלע און זאָגט:

— אַז דו ווילסט, ישראל, וועל איך דיר דערצעהלען, ווער דער ר' פּתחיה איז געווען פאַר איינער...

— דערציילט.

— זעץ דיך, זיי־זשע מוחל, דאָ אין עק...

ישראל זעצט זיך נעבען ר' מאָטקען און ר' מאָטקע הויבט אָן:

„דער ר' פּתחיה, די ערד זאָל איהן דאָרט אַרויס וואַרפען, איז געווען אַ היגער ראש הקהל...

— וואָס שעלט איהר?

— ווייס איך שוין, נור הער בעסער...

„איך בין דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָהר צוועלף. אַ ברודער האָב איך געהאַט פון אַ יאָהר אַכצעהן, אַ הויכער מיט אַ קיילעכדיג בלאַסליך פּנים, קורצע פּיאה'לאַך, אָבער אַ פּארשוין — איז געווען אויף עפּיס אַקוק צו טהון... דער טאַטע מיינער איז געווען אַ שניידער, דער ברודער אויך, ער האָט שוין צוגעהאַלפען. מיך האָט מען נאָך געהאַלטען אין חדר, די מאַמע דער עקר... מאַכט זיך איינמאָל אַזאַ מעשה: פלוצלינג ווערט אַ קאָך אין שטעטל — מ'האָט מיין ברודער ביי נאַכט געחאַפּט מיט דער דיענסט ר' פּתחיה'ס... ס'איז אַ פּנים אמת געווען, וואָרום די דיענסט, האָט מען געשמועסט, האָט באַלד ביי נאַכט עוקר געווען, זי איז געווען פון אַ דאָרף ערגיץ דאָ... נור מיין ברודער, וואו וועט ער לויפען, ער איז דאָך אַ היגער? געדענק איך — דער טאַטע האָט זיך אַרום געדרעהט איבער די שטוב שטאַרק צורודערט, די מאַמע האָט געוויינט און דער ברודער איז געזעסען דען קאָפּ אַראָב, דאָס פּנים שטאַרק בלאַס. פון גאַס קומען אַלע מאָל צו אַ חברה קליינוואַרג צום פענסטער, פּויקען אין די שויבען און שרייען אַריין צום ברודער: „ארה'לע — יענטאַלע רופט דיך"... אַזוי האָט מען זי גערופען, די מויד. מילא, דער ברודער האָט זיך נישט אומ־געקוקט, נור מיך האָט עס געשטאָכען... הייב איך מיך אויף און גיה אַרויס פון שטוב, נור וואו נעהט מען? ס'חדר, האָב איך געוואוסט, איז היינט נישט פאַר מיר... די גאַס אויך נישט... וואָס דען טהוט מען? הייב איך מיך אויף און גיה אַריין אין בית המדרש. שוין נאָך'ן דאַווענען איז עס, שפּעט ביי טאָג, נור עטליכע מענשען טרעף איך נאָך דאָרט. שטעהען זיי אין דער מזרח וואַנד אַרום טיש, וואו ר' פּתחיה זיצט נאָך אין טלית מיט דער עטרה אויפ'ן קאָפּ, זעצט ער זיך נעבען אָרון קודש מיט די פּלייצעס צום פענסטער און לעגט אָב די תפילין. און די, אַרום, קוקען איהם אין פרומען פּנים אַריין, וואָס פינטעלט מיט די אויגען. אין דער זייט ווידער, שטעהט הערשקע שמש, דער בית דין שמש. אַ הויכער יוד מיט אַ שוואַרצע באָרד און אַ ברייט פּנים מיט אויגען שוואַרצע און אַריבערגעוואַקסענע ברעמען — אַ פּחד. שטעהט ער

אָנגעֶשפּאַרט מיט׳ן עֶלעֶנבויגען אָן עמוד און דאָס אויער בייגט ער אַזוי אָן, ווי ער וויל אויך חאַפּען עֶפּיס אַ וואָרט... אַז איך זעֶה אַזוי... חאַפּ איך מיך צו אין דער אַנדערער זייט טיש און שטעה אויך — פּטור... אַ יונגעֶל דאָרט, די הייזליך צוריסעֶנעֶ מיט די קניע אין הויזען און אַ היטאלעֶ מיט אַ צושפּאַלטענעֶם דאַשיק — פּטור שטעה איך... און דערווייל הער איך ר׳ פּתחיה שמועֶסט:

— ווען האָט מען אַזוינ׳ס געֶהערט אין אַזאַ יודיש שטעֶדט׳ל? — און טהוט אַ קרעֶכץ — אַוודאי וואָלט זיך שוין גאָט געֶמעֶנט מרחם זיין איבער יודען...

— טאַקי נישט געֶהערט געֶוואָרען — האַלט אונטער הערשקעֶ — מילא, איך בין דאָך שוין שמש נישט פון היינט, דאַכט זיך, אַזאַ מעשה האָב איך נאָך נישט געֶהאַט...

— זעֶה־זשעֶ, הערשקעֶ — טענה׳ט ווייטער ר׳ פּתחיה — דעֶם יונג, דעֶם שניידעֶר, דעֶם פּושע, צו ברעֶנגען אין דער ב׳דין שטוב...

— אַוודאי, אַוודאי — רופען זיך אַלעֶ גלייך אָן — מ׳טאָר אַזוינס נישט דערלאָזען.

— איך בין תמיד גרייט — ענטפערט הערשקעֶ ברייט — וואָס קהל הייסט, בין איך גרייט צו פאָלגען. בפרט נאָך, אַז איהר הייסט אויך...

— נישט איך הייס אייך — מאַכט ר׳ פּתחיה — נור גאַנץ קהל הייסט... און געֶה, הערשקעֶ, שוין, זוים נישט. וואָרען איך וועֶל באַלד זיין אין דער ב׳דען שטוב.

— איהר געֶהט דען נישט אַ היים פריהר?

— יאָ, אָבער נור דען טלית אַוועֶק לייגען... כ׳האָב נעֶכטען, ב״ה אויך געֶפאסט... אַ בוררות געֶזעֶסען...

הערשקעֶ האָט אַ קוק געֶטהון אויף דר׳ערד פאַר׳ן עמוד, אויפגעֶהויבען זיין ים־שטאָק און געֶהט צו די טיהר.

אַז איך הער אַזאַ מעשה, שפּרינג איך אַרויס פון בית המדרש, חאַפּ אַ שטיין און לויף צו אונטער יעֶנעֶם פענסטער וואו ר׳ פּתחיה זיצט — אַ קנאַק אַריין דורך די שויב, באַלד די געֶהער׳ן אַויסצולאָזען!.. איך קוק מיך גאָר נישט אום און צייט איין מינוט בין איך שוין אין דער היים. נאָך איידער הערשקעֶ רידט זיך מיט׳ן שטאָק...

צוקאָכט בין איך, רעֶד איך נישט אַ וואָרט דער־צייל גאָר נישט, נור חאַפּ דאָס אייזערנעֶ שטייסעֶל פון אונזער מערזשער און שטעֶל מיך ביי די טיהר — לאָ׳מיך זעֶהען, ווער עס וועֶט די טיהר עֶפענען!.. נור דער טאַטעֶ מיט׳ן ברודער טרון צו מיר אַלויף צו: „וואָס טהוסט דו, וואָס טרוסט דו!“.. רייסען מיך אַוועֶק, די מאַמעֶ אויך... איך שריי: הערשקעֶ שמש געֶהט... און זיי גאָר נישט... נעֶמען מיר צו דאָס שטייסעֶל און שוין. „לאָ מיר נור הערען, זאָגט דער טאַטעֶ, נאָך וואָס ער קומט, זאָל ער נור אַריין קומען“ — — —

אין דעֶם עֶפענט זיך די טיהר — ברוך הבא, — הערשקעֶ מיט׳ן ים שטאָק, טהוט ער אַ ציה אַרויף די ברעמען, אַ קוק אויפ׳ן טאַטען ווי מיט אַ שפּיז... און טהוט אַ זאג: „מילך, דער רב איז אויף דער גוזר, דו זאָלסט ברעֶנגען דעֶם זוהן

דיינעם אין דער ב׳דין שטוב!״ אַבגעזאָגט, טהוט ער אַ קלאַפּ צו מיט די טיהר, ער איז שוין נישט דאַ...

דער טאַטע רייסט זיך די האָר פֿון קאָפּ, די מאַמע וויינט, חלש׳ט, פֿערפֿאַלען... און דער ברודער זאָגט, ער געהט נישט.

דער שמש קומט נאָך אַמאָל, נאָך אַמאָל, מתרה געווען, דער ברודער הערט נישט. קומט ער, הערשקע, מיט צוויי טרעגער און מ׳נעמט איהן מיט געוואַלד דעם ברודער.

אין שטוב איז געוואָרען יום כפור, אין דרויסען — אַ געלויף... מ׳פערהאַקט געוועלבען און מ׳לויפט... איך אויך, מיט אַ געוויין לויף איך נאָך דעם ברודער ביז צום רב׳ס שטוב. מ׳האָט מיך נישט אַריינגעלאָזט. און דאָ ביי די פענסטער שטעהט מען קעפּ אויף קעפּ, ווי די בינען אָנגעקלעפּט... ביי די טיהר אויך דאָס אייגענע.

פּלוצלונג, צורוקט זיך דער עולם, מ׳מאַכט אַ וואַרע — ר׳ פּתחיה קומט אָן... ער לעבט זעה איך... געהט ער אין די שבת׳דיגע יופּיצע און אין קאַלפּיק, אַ פֿערצייטישע זאַך... ער און נאָך אַפּאָר חשובים, זאָל זיי די ערד אַרויס וואַרפֿען, געהען זיי אַריין אין דער ב׳דין שטוב.

וואָס דאָרט האָט זיך געטהון, ווייס איך נישט. נור עס האָט געדויערט איין ערך פֿון אַ שעה, פֿיהרט מען דעם ברודער אַרויס פֿון דאָרט גלייך אין שוהל אריין.

דער גאַנצער עולם איז נאָך, קינד און קייט, אַלץ לויפט אויפ׳ן שוואַרצען וואונדער. אין שוהל האָט מען דעם ברודער ארויף געפֿיהרט אויפ׳ן בלעמער און ער האָט געמוזט מתודה זיין... נאָך וויינינג, זעצט מען איהם אַריין אין קוניע, אַזא בעזונדער שטיבעל אין פּאָליש — אַ פֿערצייטישע זאַך... איז ער דאָרט אָבגעזעסען אַ מעת־לעת. דער עולם האָט אַריין געשפּיגען דורך׳ן פֿענסטערל, און יונגוואַרק, ממזרים, ערב־רב, האָט אַריין געוואָרפֿען שטיינער אין זאַמד — — —

נאָכ׳ן מעת־לעת איז דער ברודער אַהיים געקומען, שוואַרץ ווי אַ קויל, די אייגען איינגעפֿאַלען — אַ פּחד... נור אַ רציחה, זעהט מען נישט אַזוינס. טהוט ער אַ לויף צו צו דער וואַנד, האַפּט אַראָב די תפילין און צושמעטערט זיי אין איין אויגענבליק און די רצועות — אויף פּיין פּיצעליך... דער טאַטע און די מאַמע פֿאַלען צו צו איהם — זיהנ׳ישי!... טהוט ער זיך אַ ריס אויס און אַרויס פֿון שטוב -- —

האָט מען נישט געהערט פֿון איהם אַ פּאַר וואָכען, ביז מען האָט זיך דערוואוסט, אַז ער איז דא נישט ווייט ביי אַ גלח... געשמד׳ט זיך... און חתונה געהאַט אין אַ דאָרף. פֿאַר דאָס, ביי שוהל־קלאַפּען, האָט דער שמש אונזער לאָדען אויסגעמיטען... די טאַטע מאַמע האָבען ס׳פּנים נישט אַרויסגעוויזען אויף דער ליכטיגער שיין, און פּאַר צער איז דער טאַטע באַלד געשטאָרבען — - —

די מאַמע האָט זיך גענומען טראָגען בעלי־הבתי׳שע פּעקליך גרעט צום טייך, און איך — האַפּען אַ בייגעל פֿון די מולטער אַראָב... דער ברודער פֿלעגט טייל מאָל, אין אַ מאַרק טאָג, קומען אין שטאָדט אַריין, געשטעלט זיך מיט אַ טישעל חזיר אין מיטען מאַרק.. אַז יודען פֿלעגען זיך אָבשטעלען קוקען, האָט ער אַרויסגעבלייזט די צינג... האָט מיך איינמאָל די מאַמע צוגעשיקט צו איהם, ער זאָל רחמנות האָבען אויף איהר און נישט קומען מעהר, האָט ער איהר צוליעב געטהון, און מיר.

איך בין געגאַנגען אָבגעריסען, האָט ער געגעבען צוועלף גולדען אויף העמדליך מיט הויזען — פּאָרט אַ ברודער...

און איינמאָל זומער בעגינען, קלאַפּט עמיצער אָן אין די טיהר. די מאַמע געהט אַראָב עפּענען, קומט ער אריין, וויל איהר געבען געלד, וויל זי נישט. געהט ער. טהוט מיך אָן און נעמט מיך אָן ביי די האַנד... די מאַמע לאָזט נישט, בעט ער זי, זי זאָל לאָזען מיך געהן ווייזען איהם דעם טאַטעס קבר... בין איך געגאַנגען און געוויזען איהם. איז ער געשטאַנען פון וויטענס, געדענק איך, און געקוקט שטיל מיט טרערען אין די אויגען... דאָס פּנים בלאַס, אין גאַנצען יודיש, נור וואָס דער שפּאַנ־צער מיט'ן היטעל — אַנדערש... דערנאָך האָט ער ארויסגענומען עפּיס אַ גילדען דרייסיג, שטופּט מיר אַריין אין די האַנד, ד'זאָל געבען די מאַמען אויף אַ מצבה... נור געשטעלט האָט מען נישט — — מיך האָט ער געקושט און איז אַוועק מיט איין אונטערוועג, קיינער זאָל נישט וויסען...

(ענדע קומט).

א. מ. ווייסענבערג.

---

# דָאס בֶּענְקֶען.

(געווידמעט ח. וָועלִיקָאוְוסְַקאַיאַ.)

---

זוּמֶער בֶּענְק אִיךְ נָאכְ'ן שְׁטוּרֶעם
וִוינְטֶער בֶּענְק אִיךְ נָאךְ דֶער בְּלוּם...
אוּן אִיךְ וַואנְדֶעל וִוי אַ שָׁאטֶען
אוֹיף דֶער וֶועלְט אַרוּם...

וִוינְטֶער בֶּענְק אִיךְ נָאךְ דִי שְׁטְרַאהלֶען
זוּמֶער בֶּענְק אִיךְ נָאכְ'ן שְׁנֶעע
אוּן אִין הַארְצֶען, אַךְ אִין הַארְצֶען!
טְהוּט דָארְט אַזוֹי וֶועה...

וִוינְטֶער בֶּענְק אִיךְ נָאךְ דֶער לֶערְכֶע
זוּמֶער בֶּענְק אִיךְ נָאךְ דֶער קְרָאה...
וִוינְטֶער! זוּמֶער! — אַךְ קֵיין לֶעבֶּען
אִיז נִיטָא...

ל. בערמאן.

# װעגען נאַציאָנאַליזם.

II.

## די געשיכטע פון דער נאַציאָנאַלען אידעע ביי די אייראָפּעאישע פעלקער.

די נאַציאָנאַלע בעװעגונגען הייבען זיך ערשט אָן אין אָנהייב פון דעם 19 יאָהרהונדערט; ערשט אין יענער צייט האָבען די אייראָפּעאישע פעלקער זיך אױפ־געכאַפּט פון זייער לאַנגען װינטערשלאָף און האָבען אָנגעהױבען אַ נאַטירליכען מענש־ליכען אמת'ן לעבען, די געשיכטע פון דיעזע אייראָפּעאישע נאַציעס איז אַ לאַנגע קייט, פול מיט טעות'ן און פעהלער, זייער לעבען איז צוריסען און צובראָכען געװאָרען באַלד אין דער ערשטער יוגענד, איידער זיי האָבען נאָך געהאַט צייט צו ענטװיקלען זיך, צו פערטיפען זייער נאַטור און אױסצואַרבייטען מיט אייגענע כחות די אייגענע װעלט. די קולטור אין דער אַלטען צייט איז געװען בכלל זייער איבערפלעכליך, אין דעם אמת'ן לעבען פון דער נאַציע האָבען נור איינציגע מענשען, גאַנץ רייכע און שטאַרקע געקענט האָבען אַ חלק. װען מיר לעזען די געשיכטע פון יענער אַלטער צייט זעהען מיר נור אַ בילד פון דעם לעבען, װאָס אַ פּאָאר הונדערט מענשען, די פיהרער און הערשער האָבען געפיהרט. — פון די פעלקער אַליין, פון דער גרױסער מאַסע װי זי האָט געלעבט הערען מיר קיין װאָרט ניט; װייל זי האָט אין אמת'ן אין דעם נאַציאָנאַלעם לעבען גאָר קיין חלק געהאַט. אױך איז אין יענער צייט, װען מען האָט נאָך ניט געהאַט ענדעקט די דרוקערייקונסט, גאָר ניט געװען מעגליך די גייסטיגע פּראָדוקטען, װאָס די נאַציע האָט געשאַפען, — די קולטור, — צו פערברייטען אין דער מאַסע פון פאָלק, די ספרים װאָס די געלעהרנטע האָבען פערפאַסט, האָט מען געמוזט מיט דער האַנד איבערשרייבען און די אַרבייט איז געװען אַ קונציגע, װאָס עס האָט זיך זעהר טייער געצאָהלט. דאַרום האָבען נור רייכע לײט געקענט זיך פערשאַפען אַזעלכע ספרים, דאַצו מוזען מיר געדענקען אַז לעזען דיעזע כתב־ידי'ן האָבען נור גע־קענט געלעהרנטע מענשען און ניט דער פּראָסטער מענש פון פאָלק, דאָס ביסעל נאַציאָנאַלעם לעבען, װאָס עס איז נאָך פון דעסטװעגען ביי איינינע אייראָפּעאישע פעלקער געבליבען, איז געװאָרען אָבגעטױדט און פערניכטעט װי באַלד די רומישע קאַטױלישע אמונה האָט בעקומען די הערשאַפט איבער זיי, די רומישע פּאַפּסטען האָבען געבראַכט אַ גאַנץ נייע איינטיילונג פון די מענשען, זיי האָבען אַלע נאַטירליכע פערבינדונגען צװישען די מענשען צוריסען, האָבען זיי געצװאונגען זיך אָבצוזאָגען פון זייערע איינענע מיינונגען און אייגענס גלױבען, צו פערגעסען דעם אייגענעם ברודער

און דעם לייבליכען פאטער, צו פעראכטען די וועלט און דאס לעבען אין האט זיי געלערנט נאכצואיאגען נאך דעם איינענעם שאטען, גלייבען אין רוחות און שדים, האט אנגעפולט זייערע מוחות מיט פוסטע בילדער און פאנטאזיעס וואס זענען ניט „געש־טויגען און ניט געפלויגען“. דאמיט האבען זיי דעם מענשליכען גייסט געטוידט, זיין קראפט געבראכען, די נשמה פון די נאציעס געפאנגען און געשמידט אין קייטען, דעמאלס האט מען ניט געקענט רעדען פון קיין נאציען, פון פעלקער און זייער לעבען, די גאנצע וועלט איז געווען איינגעטיילט אין צוויי העלפטען: איין חלק, דאס זענען די וואס האבען זוכה געווען אויפגענומען צו ווערען אין דעם שוים פון דער „איינציגער הייליגער קאטוילישער אמונה“, זיי זענען ברודער, קרובים, בכלל מענשען; דער אנדערער חלק, דאס זענען די חברה וואס ווילען ניט גלויבען: יודען, מחמעדאנער, אדער גלאט אפיקורסים; די מוז מען אדער „מחזר למוטב“ זיין, ארויפיהרען אויף דעם אמת'ן וועג, אדער ווען זיי זענען א עם קשה־עורף און לאזען זיך ניט, מוז מען זיי אויף א אנדערען אופן ראטעווען: מען מוז זיי הרגענען, אויסמארדען און פערטילגען. דאס איז געווען דער איינציגען גרויסער חילוק, וואס האט צוטיילט די מענשען אין צוויי העלפטען: דער מאמין וואס גלויבט אין די עקרים פון דער קאטוילישער אמונה און די כופרים, וואס גלויבען ניט. צווישען דיזע צוויי טיילען האט זיך אבגעשפיעלט דער גאנצער קאמפף אין יענע צייטען און צוליעב דיזעם חילוק זענען אלע אנדערע חילוקים, ווי פון דעם פאלק, נאציע, משפחה און פאמיליע געווארען פערגעסען.

צוזאמען מיט דער אמונה האט זיך אויך די רומישע שפראך פערברייט איבער דער וועלט און האט אלע אנדערע שפראכען פערדרענגט און געמאכט פערגעסען, די איינציגע שפראך, וואס האט געהערשט אין דער וועלט, דאס איז געווען די לאטיינישע, אין איהר זענען פערפאסט געווארען ביכער, געלערנט געווארען אין די שולען און אוניווערזיטעטען, די איינענע פאלקסשפראך איז געווארען בענוצט נור פון דעם איינ־צעלנעם פראסטען פאלק, דארום זענען דיזע נאציאנאלע שפראכען געבליבען שטעהן אויף א נידריגע מדרגה, זיי האבען זיך ניט ענטוויקעלט און ניט געוואקסען גלייך ווי א שטעהנדער טייך, וואס מען האט איהם פערשטאפט די קוועלע, וואס זאל איהם צופיהרען פרישעס וואסער, ער ווערט פערדומפען און פערוואקסען מיט שעדליכע גראזען און קיינער קען עס ניט געניסען, אזוי זענען די ליטעראטורען פון די פעלקער פער־וואקסען געווארען, עס זענען אין זיי נור געשריבען געווארען נארישקייטען, קליינינקיי־טען וואס קענען דעם מענשענגייסט ניט דערנעהרען און ניט בילדען, די רומישע קירכע האט זיך פון אלע פעלקער הערויסגעזוכט די פעהיגסטע און בעסטע מענשען און האט צוגענומען צו זיך, זיי זאלען איהר דינען און העלפען איהרע הערשאפט צו פערברייטען איבער דער וועלט, דאמיט האט זי די בעסטע כחות פון די פעלקער, וואס וואלטען געקענט ברענגען נוצען זייער פאלק אבגעריסען און אוועקגענומען, די פעלקער זענען געבליבען אהן אינטעלעגענטע כחות און אליין נידריגער געפאלען.

אויך דאס רעכט, די פארמען ווי די מענשען ארדענען איין זייערע בעציהונגען איינער צום אנדערען און צו די אנדערע פעלקער איז געווארען פערשטויסען און פערטריבען פון דעם רומישען רעכט, וואס איז געווארען איינגעפיהרט צוזאמען מיט דער רומישען אמונה, דיזעס ווילדע בארבארישע רעכט האט זיך אויסגעלעגט ווי א שטיין אויף דעם וועג פון די אייראפאישע מענשען און האט זיי אויף יעדען טריט

דערמאנט, אז זיי זענען קנעכט, אויף עביג זיך פערשריבען צו רומא און איהרע חוקים און געזעצען, נאך ביז צום היינטיגען טאג האבען זיך נאך פיעלע פעלקער ניט בעפרייט פון דיעזער שרעקליכער ירושה, וואס רום האט זיי געלאסען.

אזוי האט דער רומיש־קאטולישער גייסט, ווי א גרויסע שפין מיט טויזענד הענד, הערומגענומען די מענשען און האט זיי געהאלטען ווי מיט אייזערנע צוואנגען, ניט געלאזען זיך קיין ריהר טוהן מיט קיין אבר. אומעטום וואו דער מענשליכער גייסט האט נור א טהיר, וואו ער קען בעקומען א פרישען לופטצוג, א נייעם געדאנקען, איז געווארען פון איהר פערשלאסען און פערהתמעט מיט איהרער שווארצער חתימה, צוזאמען מיט דער רומישער אמונה זענען דערנאך געקומען די פירסטען און גראפען, די פערשיעדענע קליינע און גרויסע הערשער און האבען זיך גענומען צושניידען און פערטיילען צווישען זיך די צובראכענע און צודריקטע פעלקער, ווי מען טיילט שטיקער לעקאך. מען האט נעקענט דאמאלט מיינען, אז אט איז געקומען דער סוף פון דער וועלט. די פעלקער און נאציעס האבען שוין גאנץ פערלארען דעם נאטירליכען מענשליכען געפיהל; זיי האבען שוין גאנץ פערגעסען אן זייערע ברודער און שוועסטער, עלטערען, משפחה. דער גייסט פון די פעלקער איז שוין טוידט און בענראכען. אבער ניין! נאך איז דער מענשליכער גייסט ניט נעשטארבען! ער איז נור נעלעגען אין א שווערען הינערפלעט, און האט געחלומט א שרעקליכען לאנגען חלום. דער מענשליכער גייסט הייבט זיך אן ביי די אייראפעאישע פעלקער צו בעוועגען און אויפצושטעהן. די צוויי וויכטיגסטע זאכען, וואס האבען זיך צוערשט בעוויזען אלס שלוחים וואס קומען אנזאגען, אז עס הויבט זיך אן א נייע צייט, אז דער לאנגער ווינטער האט זיך געענדיגט, זענען: די ענדעקונג פון דער דרוקערייקונסט און די איבערזעצונג פון דער תורה אין דייטשער שפראך. די ערשטע ענדעקונג האט גענעבען די מעגליכקייט צו שאפען און פערברייטען א פאלקסקולטור, און די צווייטע איז דער ווינקעלשטיין אויף וועלכעם די מאדערנע מענשליכע קולטור האט זיך אויפגעבויט. דורך דיעזער איבערזעצונג איז די מאכט פון דער רומישען הערשאפט אויף דער וועלט געווארען געבראכען. עס איז געווארען אויסגעזאגט דער סוד וואס זיי האבען ביז יעצט געהאלטען פערבארגען און יעדער וואס האט אויגען האט געזעהן און ווער עס האט אויערען האט געהערט אליין און האט ניט גענדארפט זעהן און הערען מיט פרעמדע אויגען און אויערען. פון דעמאלט אן הויבען אלע פעלקער אן ביסלאכווייז צו ענטוויקלען א איינענע ליטעראטור אין דער נאציאנאלער שפראכע, וואס האבען גע־וויזען דעם פאלק, ווי אין איינעם געשליפענען שפינעל, זיינעם אייגענעם אמת׳ן פנים, האבען איהם דערצעהלט וואס ער איז נעוועזען א מאל און וואס ער איז יעצט און וואס עס קען און וועט פון איהם ווערען. די פאלקס־נשמה האט זיך אנגעהויבען צו בע־פרייען פון איהרע קייטען, אראפצווארפען פון זיך די מיטעלאלטערליכע שמאטעס, וואס גוטע און שלעכטע פריינד האבען איהר אנגעטהון און האט זיך גענומען וועבען א איינען קלייד. די פאלקס־ליטעראטור האט יעדעם פאלק גענעבען א אייגענעם צענ־טער, א מיטעלפונקט ארום וועלכען די גייסטיגע כחות קענען זיך פערזאמלען און וואקסען, זי האט געעפענט די קוועלען פון זיין גייסט און ער האט אנגעהויבען זיך אבצופרישען און אויפצולעבען. דעם לעצטען שטיין פון דעם וועג פון דער נאציא־

נאַלע עֶנטוויקלונג האָט עֶרשט די פֿראַנצױזישע רעוואָלוציע אוועקגערוימט זי האָט אַראָפּגעריסען פֿון דעם מענשענס אױגען די לעצטע מאַסקע, וואָס האָט איהם נאָך זיך דערנסטמאָל פֿערשטעלט די וועלט. דער מענש האָט אַ קוק געגעבען פֿרײ און אָפֿען אױף דער וועלט, אױף זיך און אױף זײנע ברידער. ער איז געוואָר געוואָרען, אַז יעדער מענש איז גאָר אַ וועלט פֿאַר זיך, אַז ער איז געשאַפֿען ניט צו דינען דעם אָדער יענעם צוועק, נור אַז ער איז דאָ אױף דער וועלט כדי צו געניסען און הנאָה צו האָבען פֿון לעבען. דער מענש האָט בעקומען זײן זעלבסטבעוואוסטזײן, ער האָט דערקאַנט, אַז ער איז אײגענטליך דער הערר איבער דער וועלט און אַלץ געהערט איהם. עס איז געבוירען געוואָרען דער אינדיווידואַליזם. דער שטאָלץ פֿון דער אײנצעלנער פּערזאָן. אָבער צוזאַמען מיט דיזעם אינדיווידואַליזם האָט דאָך דער מענש, וואָס האָט שוין געלערנט אַלײן צו דענקען און פֿאָרשען, געמוזט באַלד אײנזעהן, אַז ער איז דאָך ניט אַלײן אױף דער וועלט. אַז ניט נעכטען איז ער הערױס אױף איהר און ער איז ניט פֿון קײן שטײן געבוירען! ער האָט באַלד דערזעהן און פֿערשטאַנען, אַז אַלץ וואָס ער איז און וואָס אין איהם שטעקט זענען פּראָדוקטען פֿון די פֿריערדיגע צײטען, אַז יעדעס וואָרט וואָס ער רעדט, יעדער געדאַנק וואָס ער קלערט און יעדער זאַך וואָס ער פֿיהלט זענען שוין אַמאָל פֿון זײנע עלטער'ן געוועזען גערעדט, געדאַכט און געפֿיהלט. דער פֿרײער מענש וואָס האָט פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿען די קעטען, וואָס פֿרעמדע האָבען איהם אָנגעטוהן האָט דערשפּירט זײן האַרץ, האָט דערהערט ווי עס רינט און עס שלאָגט אין איהם דאָס בלוט פֿון צעהנדלינגע הונדערטער דורות. וואָס זענען געוועזען פֿאַר איהם און וואָס וועלען נאָך קומען שפּעטער נאָך איהם. ער האָט אָנגעהױבען זיך נעהנטער צוצוהער'ן וואָס זײן האַרץ, זײנע געפֿיהלען, זײנע נאַטור איהם רעדען און דערצעהלען. ער האָט דאַרום אָנגעהױבען צו זוכען זײנע נאַטירליכע כחות מעהר צו שטאַרקען, זיך צוריקצופֿעראײניגען מיט די וואָס ער איז פֿון זײ געוועזען ביז יעצט דערווײטערט. ער האָט אָנגעהױבען אױפֿצובױען זײן הײם וואו זײן מאַמע האָט איהם געניאַנטשעט און וואו זײן וויעג איז געשטאַנען. ער האָט אָנגעהױבען צו רעדען מאַמע־לשון און געהן אױף זײנע אײגענע פֿיס. די פֿעלקער האָבען זיך אָנגעהױבען צו זאַמעל'ן און זיך קלױבען יעדערער אַ הײם, כדי זיך אױסצורוהען נאָך דער לאַנגער און שווערער מלחמה, וואָס זײ האָבען געקעמפּפֿט געגען דעם רוח־הטומאָה וואַס האָט זײ געמאַטערט און געפּלאָגט. די נאַציאָנאַלע בעוועגונגען האָבען, ווי דער שופר־של־משיח, אױפֿגעוועקט אַלע געיאָגטע און געפּלאָגטע פֿעלקער, זײ האָבען זיך אױסגעריבען די אױגען פֿון דעם לאַנגען שלאָף און זענען געלאָפֿען פֿערנעמען זײער אָרט בײם גרױסען פֿעלקערטיש, וואָס דער בורא האָט צוגעגרײט פֿאַר אַלע זײנע קינדער, אָבער ניט אַלע פֿעלקער האָבען געפֿונען אין דער הײם דאָס וואָס זײ האָבען געמײנט; אײניגע האָבען נאָך אפילו זײער הײם אױך ניט געפֿונען.... ניט אומזיסט זענען זײ טױזענדער יאָהרען געלעגען אין שקלאַווערײ, האָבען גערעדט פֿרעמדע שפּראַכען, געדינט פֿרעמדע געטער, געהיט פֿרעמדע װײנגערטנער! אַסאַך זענען אַרױס פֿון דער שקלאַווערײ בשן־ועין און זענען געבליבען איבינגע קאַליעקעס.

די מיינסטען פֿעלקער פֿון מיטעלאייראָפּא האָבען זיך דורך די גרויסע פֿעלקערוואַנדערונגען און די אייביגע מלחמות צומישט מיט פֿערוואַקסען מיט איינאַנדער, אַז מען קען מעהר געפֿינען קיין גאַנצען נאַציאָנאַלען טיפּ. אַזוי שטאַמען למשל די היינטיגע איטאַליענער פֿון עטרוסקער, רוימער, גרעקען, גערמאַנער און סאַראַצענער; די פֿראַנצויזען פֿון רומאַים, גאַללער, בריטען, און גערמאַנער. אַנדערע פֿעלקער האָבען ווידער פֿערלוירען זייער שפּראַך און רעדען אַ פֿרעמדע. דאַרום איז די שפּראַך אויך ניט מעהר קיין סימן פֿון אַ פֿאָלק. מיר זעהען למשל פֿעלקער וואָס רעדען איין שפּראַך און פֿון דעסטוועגען זענען זיי דאָך פֿערשיעדען איינער פֿון דער אַנדערער. למשל די ענגלענדער, אירלענדער און שאָטלענדער רעדען אַלע ענגליש און פֿון דעסטוועגען זענען זיי דאָך פֿערשיעדענע בעזונדערע פֿעלקער. דאַגעגען זעהען מיר פֿעלקער, וואָס רעדען פֿערשיעדענע שפּראַכען און פֿון דעסטוועגען זענען זיי דאָך איין פֿאָלק. למשל די באַסקען און די שפּאַניער, די ברעטאָנען אין פֿראַנקרייך, די וואַלליצער אין ענגלאַנד. זיי פֿיהלען זיך נור פֿאַר היסטאָריש געוואָרענע איינהייטען, נור אויך אַלס נאַציאָנאַלע איינהייט. די רעליגיע קען נאַטירליך היינט ניט מעהר זיין קיין נאַציאָנאַלער צייכען ווי מיר האָבען פֿריהער שוין דערצעהלט, ווי פֿערשיעדענע פֿעלקער זענען אין דעם גאַנצען מיטעלאַלטער געווען פֿעראייניגט אונטער איין רעליגיע. מיר זעהען זאָגאַר גרויסע נאַציעס, וואָס זענען צוריסען אויף צוויי טיילען צוליעב דיזער רעליגיעזער צושפּאַלטונג. למשל די דייטשען וואָס אַ העלפֿט איז פּראָטעסטאַנטיש און די אַנדערע העלפֿט קאַטאָליש. די רעליגיע איז היינט ניט מעהר נאַציאָנאַל, געוועהנליך געהערען אַסאַך פֿעלקער צו דער איינענער רעליגיע, חאָטש זיי זענען אין אַלע אַנדערע זאַכען פֿון איינאַנדער שטאַרק פֿערשיעדען. נור פֿון דעסטוועגען קען זי נאָך היינט אויך זיין וואו עס טרעפֿט גראָד צו, די וויכטיגסטע שטיצע פֿון דער נאַציע, איהר איינציגער צייכען. אַזוי למשל רעדען די קראָאַטען און די סערבען איין שפּראַך און פֿונדעסטוועגען פֿיהלען זיי זיך פֿאַר צוויי פֿעלקער, ווייל די קראָאַטען זענען קאַטאָליקען און די סערבען גריכיש־אָרטאָדאָקסיש. דאָס זענען די שרעקליכע וואונדען וואָס די בעזע שטיפֿמוטער, די מיטעלאַלטערליכע געשיכטע האָט געמאַכט די מענשען. זי האָט אַריינגעבראַכט אַ פֿערמישעניש, אַ פֿערדרעהעניש אין דער וועלט, האָט אַלעס אַזועקגעשטעלט קאַפּויער אויפֿ'ן קאָפּ. היינט קען מען דאַרום ביי די אייראָפּעאישע פֿעלקער ניט זאָגען אַז דיעזעס אָדער יענעס צייכען בילדעט די נאַציע, נישט די איינע אָפּשטאַמונג איז היינט אַ סימן פֿון דער איינהייט פֿון דער נאַציע, אויך ניט די שפּראַך, אויך ניט די מנהגים און זיטען, אויך ניט די געזעצען, צוליעב די טעמים וואָס מיר האָבען פֿריהער אַרום גערעדט. ביי איין נאַציע איז דאָס צייכען די שפּראַך און ביי דער אַנדערע איז עס די אמונה, ביי דער איז דאָס לאַנד דער סימן און ביי דער אַנדערע איז עס די אָבשטאַמונג. אָבער דיעזע אַלע פֿעהלער, וואָס האָבען זיך אַרויסגעוויזען אין דעם נאַציאָנאַלעם לעבען פֿון די פֿעלקער האָבען ניט אָבגענומען ביי זיי דעם מוטה צו שטרעבען אויסצובעסערן די געמאַכטע פֿעהלער, אויסצוהיילען זייערע וואונדען נור אַדרבה, דאָס האָט זיי נאָך מעהר געשטאַרקט אין דעם בעשטרעבען, און די געשיכטע פֿון דעם גייסט־גען לעבען אין דער צווייטען העלפֿט פֿון דעם

19-טען יאהרהונדערט איז די געשיכטע פון דער נאציאנאלער אויפלעבונג. כמעט אלע בעוועגונגען וואס בעהערשען די מענשען אין אונזערע צייט אויף אלע זייטען פון דעם לעבען, שעפּען זייערע כחות פון דעם נאציאנאלען געדאנקען. די נייע בעשטרעבונגען אין דער רעליגיע, למשל די „לאז פון רום" בעוועגונג אין עסטרייך אדער דער אלטקאטאליציזם אין דייטשלאנד און דער שווייץ האבען זייערע קוועלען אין דעם פערלאנגען פון די פעלקער אויף דער רעליגיע אויפצודריקען זייער אייגענעם שטעמפעל, צוגעפינען אין דער אמונה א אויסדרוק פאר זייער אייגענעם גייסט. אויך די עקאנאמישע און סאציאלע בעוועגונגען האבען געפונען ביי אלע אונטערדריקטע פעלקער א גרייט פעלד ווייל זיי זענען אויך נאציאנאל. אזוי שטרעבען אלע פעלקער צום לעבען, צו פרייהייט, צו איינהייט. אלע ווילען אויפשטעהן צו תחית-המתים. דער יסוד אויף וועלכען די נאציאנאליטעט איז ביי די פעלקער געבויט איז אייגענטליך דאס געפיהל. די מענשען פיהלען זיך פאר מיטגליעדער פון דעם אייגענעם פאלק. ביי אלע איז דא דערזעלבער כאראקטער און די אייגענע געפיהלען, מיינונגען, אנזיכטן, פארשטעלונגען און געדאנקען, די אייגענע פארמען פון געדאנקען און פערשטאנד, פון מיינונגען און בעשטרעבונגען, ליעבשאפט און פריינדשאפט. דאצו קומט נאך די געשיכטליכע איבערליפערונג (טראדיציעס) פון מענשען, וואס האבען לאנג צוזאמען געלעבט, צוזאמען געליטען און געהאפט, פון דעם האט זיך ביי אלע אויפגעקליבען א אוצר פון אלטע זכרונות און ערצעהלונגען, אגדות און מעשות, בעשטרעבונגען און ווינשע, מנהגים און זיטען, מעשים-טובים און חסרונות, עס האט זיך געבילדעט א פאלקס-כאראקטער און פון איהם ווערט שפעטער אויך א נאציאנאלער כאראקטער. נאטירליך ווערט שוין מיט דער צייט ביי די מענשען אים קאפ געשאפען די מיינונגען, אז זיי זענען פון אויביג-אן געווען פעראייניגט, אז זיי האבען אלע איין אבשטאמונג. דער געדאנקען וואס אויף איהם איז אויפגעבויט די נאציאנאליטעט איז דער פאמיליען-געדאנקען, ווייל די נאציע איז אייגענטליך נור די אויסגעוואקסענע פאמיליע, די משפחה וואס האט זיך פערצווייגט און פערברייטערט אבער נית די ווילדע משפחה, וואס דאס קינד וויים נית ווער זיין טאטע איז און דער טאטע וויל נית קענען זיינע קינדער, נור די אידעאלע אויסגעבילדעטע אריסטא-קראטישע משפחה, וואס וויים צו שעצען איהרע קרעפטען און גיט אפ כבוד איהר אייגענעם בלוט, איהרע פלייש און יעדעם אייגצעלנעם גליעד. דארום איז וואס מעהר דער מענש ענטוויקעלט זיך און עדעלט אוים זיינע געפיהלען מוז אלץ דער נאציא-נאלער רעיון אלץ העכער שטייגען און זיך ענטוויקעלן. די צוקונפט פון דער מענשליכער געזעלשאפט איז די פערטיילונג זייערע אין נאציעס און פעלקער.

שאול יצחק סטופניצקי.

# איין איבערשרעק.

ווען איוואַן איוואַנאָוויטש נאך אַ זאַטען מיטאג צוזאַמען מיט זיין הויזגעזינד איז אַריינגעגאַנגען צו זיך אין צימער, האָט איהם אָנגעהויבען צו שלעפֿערען. ער האָט זיך צוגעשפּאַרט אויף דער סאָפֿקע און געטראַכט, וואָס זאָל ער עפּיס נעהמען לייענען, ווייל אויף ליטעראַטור האָט איוואן איוואַנאָוויטש געקוקט ווי אויף אַ מיטעל פון וועלכען דער מאָגען קאָכט זעהר גוט פאַר דעם נאָכמיטאָגדיגען שלאָף. נעבען איהם איז געלעגען זיין ווייב׳ס בעליעבטער זשורנאַל „וועסטניק פון אויסלענדישע ליטעראַטור“, וואו ער האָט אנגעהויבען לייענען דעם ראמאַן „דער דרייאונצוואַנציגסטער יאהר־הונדערט“— און זיין ליעבע צייטונג. וועלכע ער האָט אָנגעהויבען אויסשרייבען נאָך דענסטמאָל, ווען ער האָט בעקומען דעם ערשטען טשין אויף דער דיענסט מיט אַ גרעסערען געהאַלט. אויסשרייבען די צייטונג האָט ער לאַנג פאַנטאַזירט, ווייל זיין נאַטשאַלניק האָט זי אויך געליינט און געגעבען אויף איהר זיין הסכמה.

די דאָזיגע צייטונג האָט זיך איצטער געקאָכט ווענען אַ ניט ערוואַרטעטע און פאַרדראָסיגע זאַך וואָס עס איז ניט לאַנג פאָרגעקומען: אייף איין אָרט האָבען זיך צונויפגענעהמען בערך טויזענד מענשען, „מען ווייסט ניט שכור׳ע אָדער ניכטערע“, ווי די צייטונג דריקט זיך אויס, און האָבען געפֿיהרט עזות׳דיגע שמיאוסען; דאָס איז נאָך ווינציג, ז׳י האָבען דאס געטהון ניט בסוד נאר אָפען!.. זייערע רעדעס האָבען זיי אָבגעדרוקט מיט זייערע אונטערשריפטען און פאַרשפּרייט צווישען עולם — די געזעל־שאַפט זאָל משפּט׳ן!

פאר איוואן איוואַנאָוויטש איז קלאָר געוועזען ווי דער טאָג. אַז די דאָזיגע מענשען זענען געוועזען ניט ניכטער. אין גאָט׳ס ווילען! ביים מיטאָג, רעדען, טאָסטען און ווענען וואָס? וועגען אַזוינע זאַכען, וואָס פראַקטיש׳ע מענשען האָבען אפילו מורא צו טראַכטען און דא פלוצים מיט אַזוינע הויכע קולות בפרהסיא פאר דעם גאַנצען עולם!

— צו וואָס דער עולם איז דערגאַנגען! און אַלץ דערפאַר וואָס מען האָט זיי צולאָזט!.. צולאזט!... האָט געטראַכט איוואַן איוואַנאָויטש, און ווען די אויגען האָבען זיך איהם שוין אָנגעהויבען צו קלעפּען, האָט ער איבערגעחזר׳ט:—צולאָזט!..

און ניט קוקענדיג וואָס איהם האָט זיך שטאַרק געוואָלט שלאָפען, האָט ער געפֿיהלט ווי עס ציהט איהם אונטער דעם לעפעלע פון הארצען, עפּיס אַזוי ניט גוט פון דער צייטונגס קאָכענדיג אַרטיקעל, אָדער פין דעם קרויט מיט גריבעס, וואָס ער

האָט געגעסען ביי מיטאג. ווען ער האָט זיך אַ חאַפּ געטהון און אויפגעעפענט די אויגען האָט ער זיך אַזש דערשראָקען. ער האָט ערוואַרטעט, אַז באַלד וועט קומען צו איהם זיין ווייב און איהם ליעבלעך פרעגען:

— האָסט אַ דרימעל געטהון, וואַניושעק? און מיר טרינקען שוין טהיי!

נאָר אָנשטאָט זיין ווייב, איז געשטאַנען דאָס דינסטמיידיל און געזאָגט:

— זייט אַזוי גוט, בעל הבית, און שטעהט אויף, די בעל הביתטע טרינקט שוין קאַווע און פון קאַנצעליאריע האָט מען געבראַכט פאַפּירען.

אין פענסטער האָט געקוקט אַ קאַלטע ווינטערדיגע זון.

— וואָס איז מיט מיר, שוין'זשע האָב איך די נאַכט איבערגעשלאָפען? האָט איוואַן איוואַנאָוויטש זיך געטראַכט.

באמת איז עס טאַקע אַזוי געוועזען. אויף גיך, וויפיעל עס איז נאָר מעגליך געוועזען פון אַ שווערען דיקען מענשען, איז ער אריינגעלאָפען אין עס־שטוב, און פאַרגעהאַלטען זיין ווייב, וואָס זי האָט איהם ניט אויפגעוועקט.

— צו זיס ביסטו געשלאָפען, וואַניושעק! אויף דיר וואַרט דער מענש אין קאַנצעליאַריע.

מען האָט איהם אַריינגעטראָגען די פאַפּירען.

איוואַן איוואַנאָוויטש האָט ניט ליעב געהאַט קיין „פאַפּירען" ביי זיך אין דער־היים, דאָס איז נאָר איין איבעריגע אַרבייט, דערצו איז ער נאָך אַ ביסל ניט געזונד געוועזען און איז איבערדעם אַ צעהן טעג ניט געגאַנגען אין קאַנצעליאַריע, האָט ער געמאַכט אַ קרום פנים. נאָר ווען ער האָט איבערגעלייענט דאָס פאַפּיר, וואָס מען האָט איהם איצטער געבראַכט, איז ער ווי פאַרשטיינערט געוואָרען און זיך אַראָבגע־לאָזט אויף דעם בענקעל מיט אַ בלייך פנים, אַז זיין ווייב האָט זיך פאַר איהם דערשראָקען.

— וואָס איז מיט דיר?..

— מען האָט אָבגעשאַפט! — האָט ער קוים גערעדט, קוקענדיג מיט צו מישטע אויגען אויף דעם פאַפּיר. — אָבגעשאַפט!..

וואָס? ווער? דיך? — האָב איבערגעפרעגט זיין ווייב.

— מיך... און אַלע... און אַלעס! אָבגעשאַפט...

— דערצעהל ווי עס דאַרף צו זיין; וועגען וואָס רעדט זיך דאָ? — זי האָט אויסגעריסען ביי איהר מאַן דאָס פאַפּיר און איז אויך בלייך געוואָרען: הייסט דאָס, אין דער צייט וואָס דו ביזט ניט אַרויסגעגאַנגען פון שטוב... וואָס'זשע איז דאָס? וואָס האָט זיך געטראָפען?

— וואָס האָט זיך געטראָפען? האָט ער איבערגעפרעגט און פלוצים זיך ווי איין אבגעבריטער אויפגעחאַפט פון בענקעל, — וואו איז מיין היטעל, מיין טולופ; איך וועל פאָהרען צו וואַסילקאָוועץ און וועל אַלעס ביי איהם געוואָר ווערען.

איוואַן איוואַנאָוויטש איז לויפענדיג אַרויס אויף דער גאַס. צו זיין אומגליק איז ניט געוועזען קיין איזוואָשטשיק. אַ שטיק וועגס איז ער געגאַנגען צו פוס איי־לענדיג אין אָבלאָזענדיג זיך פון שווערקייט, ביז ער האָט נעבען אַ טראַקטיר גע־זעהען שטעהן אַ שליטעל, נאָר דער איזוואָשטשיק איז אויף דער קעלניע ניט געוועזען.

„אזא לײדאַק" האָט ער מיט פֿאַרדראָס געטראַכט; װײזט אויס ער האָט פֿאַר־געסען, אַז עס איז פֿערבאָטען אראָבצוקריכען פֿון דער קעלניע! איך װעל איהם שוין!..

און מיט די געדאַנקען איז ער אריין אין טראַקטיר און איז װיעדער װי פֿאַרשטײנערט געבליבען שטעהן. דער איזװאָשטשיק איז געזעסען ביי אַ טיש געדעקט מיט אַ װײס טישטוך און האָט געלײענט אַ צײטונג; פֿאַר איהם איז געװעזען צו געגרײט אַ הײסער ביפֿשטעקס מיט אַ גלאָז רויטען װײן.

— װאָס האָסטו זיך דיר צולעגט? האָסט אַ פּנים פֿאַרגעסען װעגען שטראָף? האָט איװאַן איװאַנאָװיטש אָנגעשריען צוגעהענדיג נאָהענט צו איהם.

— צו װעמען װענדעט איהר זיך? האָט געפֿרעגט דער איזװאָשטשיק.

— צו װעמען דען, דו קלאָץ אײנער?

— צום ערשטען, בעט איך אײך ניט רעדען צו מיר אויף „דו" און זיך ניט זידלען, און אין צװײטען, פֿון װעלכען שטראָף רעדט איהר דאָס?

איװאַן איװאַנאָװיטש איז אַרויס פֿון די כּלים.

— דו ביזט משוגע געװאָרען? שטראָף קומט דערפֿאַר, װײל דו האָסט אַװעק־געװאָרפֿען דאָס שליטעל און זיצט זיך דאָ װי אַ פּריץ!

דער איזװאָשטשיק האָט אַ שמײכעל געטהון און געענטװערט:

— יעדער מענש האָט דאָס רעכט איבערצובײסען, דערפֿאַר קומט ניט קײן שטראָף. אויב איהר װילט אַביסעל צװאַרטען ביז איך װעל ענדיגען, װעל איך אײך אָנפֿיהרען װאו איהר דאַרפֿט.

— לײ־לײדאַק! האָט אָנגעהויבען זידלען איװאַן איװאַנאָװיטש,–דײן נומער!

— איך בין ניט מחויב אײך איהם צו געבען, באַלד װי איהר האָט מיך געדונגען פֿאָהרען.

— נו, װאַרט׳זשע אויס! דײן גליק, װאָס איך אײל זיך, נאַר דו װעסט זיך פֿון מיר ניט אַזוי אָבפּטר׳ן!

איװאַן איװאַנאָװיטש איז אַרויס פֿון טראַקטיר װי אײן אָבגעפּאַרעטער, פֿער־שריעבען דעם נומער פֿון שליטען און געלאָפֿען װײטער.

ענדליך האָט זיך געװיזען אַ איזװאָשטשיק מיט אַרויט בלעטעל אויף דעם שליטען, אויף װעלכען עס איז געװעזען אָבגעדריקט „פֿרײ". ניט װעניג האָט זיך איװאַן איװאַנאָװיטש געװוּנדערט אויף דעם נײעם אײנפֿיהרונג. ער האָט איהם אָבגע־שטעלט, זיך אַרײנגעזעצט און אויסגעשריען דעם אַדרעס, װאו ער זאָל איהם פֿיהרען.

ער האָט אַזוי געברענט פֿון אונגעדולדיקײט, אַז איהם האָט זיך אויסגעװיזען, אַז דאָס פֿערד פֿאָהרט ניט, נור עס שלעפּט:

— טרײב אינטער אַביסעל דו רוח אײנער! האָט זיך איװאַן איװאַנאָװיטש געהיצט. דו װעסט אַ מאָל פֿאָהרען? נו, ריהר זיך, דו בהמה! און פֿון געװאָהנהײט האָט ער אויסגעצױגען מיט זײן שטעקען אויף דעם איזװאָשטשיקס פּלײצע.

דער איזװאָשטשיק האָט זיך באַלד אָבגעשטעלט און געזאָגט:

— איך בעט אײך איהר זאָלט באַלד אַראָבקריכען;

— דו װײסט מיט װעמען דו רעדסט, לײדאַק!

— עס מעג זײן מיט װעמען עס איז, נור איהר האָט מיר אַ קלאַפּ געגעבען, װײל איך אײך מעהר ניט פֿיהרען. דאַנקט װאָס איך שלעפּ אײך ניט צום סודיאַ; איך װיל ניט פֿאַרשפּעטיגען אויף דעם מיטינג פֿון די איזװאָשטשיקעס!

איוואן איוואנאוויטש, אויסער זיך פון כעס, איז אראבגעשפרונגען פון שליטען און זיך געווענדעט צום פאליציייסקע, וואס האט געקוקט אויף דער סצענע.

— וואס׳זשע שטעהסטו אזוי און קוקסט? זיי האבען זיך ביי אייך איבערגעגעסען מיט משוגענע קרייטעכצער צו וואס? שלעפ איהם אין „אוטשאסטאק“, אט איז מיין קארטאטשקא.

דער פאליצייסקע האט א קוק געטהון אויף דער קארטאטשקא; איוואן איוואנאוויטש איז געוואהנט, אז זיין קארטאטשקא זאל מאכען איין איינדרוק, נור איצטיגעס מאל האט דער פאליצייסקע קאלטבלוטיג געזאגט:

— שלאגען זיך טאר מען ניט. אויב איהר ווילט מאכען א פראצעס אין סוד, בין איך גרייט צו דיענען.

איוואן איוואנאוויטש איז אלעריי קאלירען געווארען.

— דו מאכסט חוזק פון מיר? דיין נומער? דיין נאמען?

— דער שטעדטישער סערזשאנט מאטיושין! האט רוהיג געזאגט דער פאליצייסקע און האט זיך אוועקגעקעהרט ער זאל איבערפיהרען איבער דער גאס א שוואכע אלטע פרוי אין ארעמע קליידער.

איוואן איוואנאוויטש, ניט אנהויבענדיג צו פארשטעהן וואס דא טהוט זיך, איז ווייטער געגאנגען צו פוס, ווייל ער איז צו פיעל צוקאכט געוועזען, אז ער זאל נאך א מאל נעהמען איין איזוואשטשיק. איהם איז שוין ניט ווייט געוועזען, ער האט נור בעדארפט דורכגעהן דעם שטאדט גארטען, די בריק און צוויי גאסען. וואס ווייטער ער איז געגאנגען אלס ניט געווענטליכעס האט זיך איהם אויסגעוויזען אויף די גאסען; אלעס איז עפיס געוועזען ריינער, רוהיגער ווי תמיד; אין דער לופט האט זיך ניט געטראגען קיין זידלעריי מען האט ניט נעהערט די מורא׳דיגע געשרייען פון די וואס זארגען פאר ארדענונג... אין שטאדט גארטען איז פאר זיינע אויגען ארייגעגאנגען מיהדע מוזשיקעס, פרויען אין פראסטע קליידער, יודען אין לאנגע קאפאטעס, אלע האבען זיך אויסגעזעצט אויף די בענק אזוי ווי ביי זיך אין דער היים און אויסגעגלייכט זייערע מיהדע ביינער, און קיינער האט זיי ניט געטריבען!

איוואן איוואנאוויטש האט ניט געקענט איבערטראגען אזא אונארדענונג און האט וועגען דעם געזאגט דעם וועכטער פון שטאדט גארטען. דער וועכטער האט פערוואונדערט א קיק געטהון אויף איהם.

— האט איהר דען בעמערקט ביי די מענשען, אז זיי האבען זיך שלעכט אויפגעפיהרט?

— ניין, נור עס איז איין אונא־דענונג...

— איך קען ניט פארווערען מענשען געהן אויף דער ערד וואו זיי געפעלט — האט געענטווערט דער וועכטער.

פיהלענדיג ווי ביי איהם דרעהט זיך דער קאפ, איז איוואן איוואנאוויטש געגאנגען ווייטער אויף דעם וועג צו דער בריק. דא איז אויף א איזוואשטשיק פארביי געפאהרען א שרייבעריל פון זייער קאנצעליאריע און האט ליעבליך געמאכט צו איהם מיט דער האנד שרייענדיג.

— וואס מאכט איהר, איוואנאוו?

דאס שרייבעריל האט זיך צו איוואן איוואנאוויטשען אזוי געווענדעט פאמיליארנע, גלייך ווי ניט מיט קיין „סטאטסקי סאוועטניק“, נור ווי מיט עפיס א קליין טשינאווניקעל.

שטאַרק צוטראָגענדיג פֿון דעם נײעם עזות, האָט ער בײ זיך בעשלאָסען אָנ־װײזען די נאטשאלסטװע, אַז זײ האָבען זעהר צולאָזט אָט דעם צוצעק, דעם קונדאס, ניר פלוצים איז פֿאַרגעקומען אַזױנס, אַז האָט אַלע זײנע געדאַנקען פֿארהאַפּט: אױף אַ עק גאַס איז געשטאַנען אַ צײטונג טרעגער און האָט אױסגעשריען די נעמען פֿון די צײטונגען, װעלכע ער פֿערקױפֿט.

איװאן איװאנאװיטש הערט... נור נײן, געװיס האָט ער אַ טעות? אָט װידער... קײן ספק ניט...

— דער לעצטער נומער... שרײט דער צײטונגס פֿאַרקױפֿער און האָט אַרױס־געלאָזט אַזאַ װאָרט, אַז איװאַן איװאַנאָװיטש האָט אפילו מורא נעהאַט אױף זײנע ליפען צוברענגען.

ניט גלױבענדיג די אײגענע אױערען, איז ער צו געגאַנגען נעהנטער און אַ קוק געטהון. װאָס׳זשע איז דאָס? אַ מיאַטעזש אױף דער גאַס?

— הער נור, דו, — אַנו גיב נור אַ הער!...

דער צײטונגס פֿאַרקױפֿער האָט רוהיג איהם דערלאַנגט אַ דין העפֿטיל פֿון דעם זשורנאַל. איװאן איװאנאװיטש האָט אַ חאַפּ געטהון דעם זשורנאַל מיט בײדע הענט און אױסגעשריען:

פֿון װעמען ביזטו דאָ אַנידער געשטעלט געװאָרען צו פֿערקױפֿען צײטונגען?

— זײט אַזױ גוט און בעצאָהלט! האט מיט פֿערװאונדערונג געזאָגט דער צײטונגס פֿערקױפֿער.

— בעצאָהלען? קום נור בעסער מיט מיר אין „אוטשאסטאק”, דו ל־לײדאַק!

— װאָס פֿאַר אײן אוטשאַסטאָק? צו װאס?

— דאָרטען װעסטו שױן זעהן, ל־ל־לײדאַק אײנער!

— אױ, מײן ליעבער, װער האָט אײך נעגעבען דאס רעכט צו זידלען זיך, האלט מױל!

— קום, קום, און רעד ניט!

ארום זײ האָט זיך צונױפֿגענומען אַ קלײנער עולם נײנעריגע. פֿון דעם עולם האָט זיך ארױסגעשטעלט אַ בכבוד׳ער אַלטער מאַן אין ברילען און געפֿרעגט איװאַ איװאנאװיטשען:

— װאָס האָט אײך אזױנס געטהון דער מענש? איהר בעשולדיגט איהם אין עפּיס?

— אין גאָטעס װילען! װאס פֿאַרקױפֿט ער! דאס איז א עזות װאס איז נאָך ניט געהערט געװארען! האָט געהיצט איװאן איװאנאװיטש טרעסלענדיג דעם זשורנאַל אין דער האנד.

דער עולם האָט זיך צולאכט און דער אלטער מאן האָט א װײבערען שמײכעל געטהון און געזאגט:

— זײט אזױ גוט, אױף דער גאַס איז ערלױבט צופֿערקױפֿען אַלע צײטונגען און זשורנאלען.

— אַלע ערלױבטע, נאָר ניט די...

— ערלױבטע? װאָס הײסט ערלױבטע? עס איז ערלױבט צו שרײבען און דרוקען אַלעס װאָס מענשען טראַכטען און אינטערעסירען זיך, עס איז נאָר פֿערבאָטען צו דרוקען שארלאטאנסקי ליטעראַטור.

— זייט מוחל, אויב דאָס איז ניט קיין שארלאטאנסקי ליטעראַטור, ווייס איך שוין ניט וואָס דאָס איז. אַפּנים איהר זענט מיט דעם צייטונגס פּערקויפער פון איין חברה, קומט'זשע טאַקע אויך אין אוטשאַסטאק: דאָרטען וועט מען באַלד זאָגען וואָס איז ערלויבט און ניט ערלויבט.

צווישען עולם איז ווידער געוואָרען א געלעכטער.

— קיין אוטשאַסטאָק איז איצטער ניטאָ! האָט רוהיג ערקלערט דער אַלטער מאַן און זיך אומגעקערט צום עולם:

מיינע הערן! עס ווייזט אויס, אַז דער דאָזיגער הערר איז ניט אין גאַנצען געזינד... ער דערמאָנט אַזוינע צייטען, וועלכע זענען שוין לאַנג איבערגעגאַנגען און ער מיינט, אַז איצטער איז אויך אַזוי...

— קיין אוטשאַסטאַק איז ניטאָ? וואָס'זשע איז איצטער דאָ? האָט איוואַן איוואַנאָוויטש ניט אויפגעהערט זיך צוהיטצען.

— עס איז דאָ א פּאָליציי־ביוראָ, וועלכע דיענט נאָר פאַר פערשיעדענע ספּראַוקעס און ניט אַכטונג אויף די ריינקייט אין שטאָדט,—האָט דער אַלטער מאַן ווידער ערקלערט.

— און שכורים וואו טהוט זי אַהין?

— וואָס הייסט וואו אַהין? פאַר זיי איז דאָ בעזונדערע שפּיטאַלען און פּריוואַטען ספּעציעל פאַר שכורים.

— וואָס מיינט איהר אין אמת'ן מיר פּאַרדרעהען דעם קאָפּ? פיהרט מיך אין אוטשאַסטאַק! האָט ער אויסער זיך אויסגעשריען.

— אַז מען זאָל אייך בערוהיגען איז די בעסטע זאַך, מיר זאָלען געהען צום סודיאַ פון דעם קוואַרטאַל,— האָט געזאָגט דער אַלטער מאַן.

— צום סודיאַ? קומט אַליין איינס אַבי אַ „קאַזיאָנע" אָרט; דאָרטען, ברידער־לעך, וועט מען אייך אָנשרייבען אַזוינס און אַזעלכעס!..

מיט פּאַראַד האָט זיך די פּראָצעסיע געריהרט: איוואַן איוואַנאָוויטש מיט דעם זשורנאַל אין דער האַנד, דער צייטונגס פערקויפער, דער אַלטער מאַן און צוויי־דריי נייגעריגע.

זיי זענען צוגעקומען צו אַ ניי גרויס הויז, וואָס ביז איצטער האָט עס איוואַן איוואַנאָוויטש ניט געזעהען.

— אָט איז דער סוד! האָט דער אַלטער מאַן געזאָגט און אָנגעוויזען ווי מען זאָל אַריינגעהן.

דאָס אויסזעהען פון סוד איז געוועזען בעקאַנט איוואַן איוואַנאָוויטשען און דאָס האָט איהם אַביסל צוגעגעבען שטאַרקייט; ביי אַ טיש איז געזעסען דער סודיאַ אין אַ גילדענער קייט, צו וועלכען ער האָט זיך אַ וואָרף געטהון ווי צו איין אייגענעם טאַטען:

— הערר סודיאַ! אַ מוראדיגע שרעקליכע זאַך!...

— שאַ, שטילער... האָט איהם אָבגעשטעלט דער סודיאַ. איך בעט אייך אין דער אָרדנונג;— איהר ווילט איינגעבען אויף איינעם אין סוד?

— יאָ!

— זאָגט אייער נאָמען און וואָס פאַר אַ שטאַנד איהר פאַרנעהמט אין דער געזעלשאַפט.

איוואַן איוואַנאָוויטש האָט זיך אָנגערופען מיט זיין לאַנגען טיטעל. דער סודיאַ האָט אַ שמייכעל געטהון.

— דער טיטעל עקסיסטירט שוין לאנג ניט. עס איז אָבגעשאַפט.

„איז דאָס, הייסט עס, געוועזן טאַקע אמת! און אַלע האָבען שוין דאָס געוואוסט!" איז איוואַן איוואַנאָוויטשען אַרויפגעקומען אויף דעם מוח. און איז ווי צו־מישט געוואָרען.

— זאָגט פראָסט: איוואַן איוואַנאָוויטש איוואַנאָוו, בירגער פון דער שטאדט N. — האָט דער סודיאַ געזאָגט.

— איך בין אַ דוואראניןן...

— נו, שען, האָט ווידער אַ שמייכעל געטהון דער סודיאַ — אויב איהר ווילט קענט איהר פאַר זיך בעהאַלטען אייער טיטעל.

— אייער נאָמען און אייער געזעלשאַפטליכען שטאַנד? האָט זיך דער סודיאַ געווענדעט צו אַ צווייטען.

— פיאָטער טראָפימאָוו, אַ ציישונגס פערקויפער.

— אין וואָס'זשע בעשולדיגט איהר טראָפימאָווען?

— און איהם אויך — אָט זיי! האָט איוואַן איוואַנאָוויטש מיט פאַרדראָס אָנגעוויזען אויף דעם אַלטען מאַן.

— אייער נאָמען א. ז. וו.? — האָט געפרעגט לויט די פאָרמע, דער סודיאַ.

— איסאַאַק מאַיסייעוויטש בערזאָן, הויפטזעהער פון דער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג אין דעם קוואַרטאַל.

— אַזוי!.. האָט איוואַן אייוואַנאָוויטש אויסגעשריען — איצטער ווייס איך פון וואַנען עס נעהמט זיך דאָס אַלעס; ווי באַלד איצקי און מאָשקאַ האָבען זיך אַריינ־געמישט, קען מען שוין קיין גיטס ניט ערוואַרטען. אַלעס, אַלעס אָט די יודען! דער גאַנצער אומגליק איז פון די זשידעס!..

דער סודיאַ האָט איהם שטרענג איבערגעשלאָגען:

— איך בעט איך בעניטצען אַנדערע ווערטער. זשידעס איז דאָ ניטאָ.

— ווער דען'זשע?

— רוסישע בירגער, וואָס האַלטען די יודישע אמונה. יעדער מעג האַלטען פון דער אמונה, וועלכע מען וויל. ער צאָהלט דעם לאַנד נאַלאָגען און ניט אַוועק זיינע קענטניסען; ער בעשיינט זי מיט זיין טאַלאַנט. און ווען מען דאַרף, פאַרטהיידיגט ער דאָס לאַנד מיט זיין בלוט. איצטער ווייסט איהר שוין ווער זיי זענען! האָט שטרענג געענדיגט דער סודיאַ.

„ער איז אויך מיט זיי איינס" איז איוואַן איוואַנאָוויטשען דורכגעפלויגען אין קאָפּ. — איך געפין זיך צווישען אַ חברה משוגעים!..

נאָר אין דער מינוט האָט איהם דער סודיאַ אַ פרעג געטהון.

— אין וואָס זשע בעשטעהט אייער בעשולדיגונג?

— קיין סך דאַרף איך ניט רעדען. די פאַקטען רעדען פאַר זיך אַליין! און ער האָט דערלאַנגט דעם סודיאַ דעם זשורנאַל.

— נו, איז וואָס?

— וואָס הייסט וואָס?

עס האָט אויסגעוויזען, אז איינס דאָס אַנדערע האָט ניט פערשטאַנען.

— ערלויבט מיר, הערר סודיאַ, איך צו ערקלערען וועגען וואָס דאָ קומט

פֿאַר, האָט זיך אַריינגעמישט דער אַלטער מאַן—ווי עס ווייזט אויס האָט דער דאָזיגער העררר אַ משונה׳דיגע שלאָפֿקייט: מיט דעם געדאַנק לעבט ער אין דער לאַנג פֿער־גאַנגענע צייט, ווען דאָס אַלעס איז נאָך געוועזען פֿערבאָטען, און מיט דעם גאַנצען האַרצען גלויבט ער אין זיין פֿאַנטאַזיע, אַז עס איז איין אמת. איהר פֿאַרשטעהט ?...

דער סודיאַ האָט געצויגען מיט די פּלייצעס און געזאָגט איוואַן איוואַנאָוויטשען:

— מיין עצה, אַז איהר זאָלט זיך פֿאַרנעהמען מעהר מיט אייער געזונד. — איהר קענט אַלע געהען, מיינע העררען; האָט ער זיך געווענדעט צו די „פֿערברעכער״.

— וואָס זשע איז דאָס אַזוינס? וואו איז דאָס גערעכטיגקייט? ניין, איך קען דאָס אַזוי ניט איבערלאָזען! האָט איוואַן איוואַנאָוויטש צו זיך שטיל געזאָגט, — נאָר וואו געהט מען? עס איז קלאָר וואו מען דאַרף געהן! און אַרויסגעהענדיג פֿון סוד האָט ער זיך אויף גיך געלאָזט צו אַ גרויס הויז, וואָס איז איהם גוט בעקאַנט, און ווי עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען האָט עס בעדאַרפֿט זיין ניט ווייט.

אין דער צייט האָט איהם פֿאַרשטעלט דעם וועג אַ גרויסער עולם, וואו מען האָט געזעהן מונדירען פֿון סטודענטען, דאַמען היטען, פּראָסטע טיכלעך און בלוזעס. דער גאַנצער עולם איז געגאַנגען גלייך און שען נאָך די טענער פֿון אַ גרויסהאַרטיג ליעד און מיט איין אָרקעסטער מוזיק פֿאָראויס.

ביי איוואַן איוואַנאָוויטשען האָט שטענדיג פֿאַרהאַפּט דעם אָטעם, ווען ער האָט בכלל געזעהן אַ גרויסען עולם; ער האָט זיך אַ וואָרף געטהון אין דער זייט, זיך אַרומגעקוקט און געזוכט, אַז חאָטש פֿון אונטער דער ערד זאָלען אויסוואַקסען אַזוינע בעשעפֿעניש, וואָס זאָלען דאָ מאַכען אָרדענונג און צוטרייבען דעם עולם. די ערד אָבער האָט זיך ניט געשפּאַלטען: נאָר צוויי דריי סערזשאַנטען זענען רוהיג געשטאַנען אויף די עקען גאַס און גענעצעט, פּונקט ווי זיי געהר דאָס גאָר ניט אָן. אַ פּאָר מאָל האָבען זיי זיך פֿריינדליך געוויטעט מיט זייערע בעקאַנטע, וואָס האָבען זיך געפֿונען צווישען עולם.

צו זיין גרויסען שרעק האָט איוואַן איוואַנאָוויטש דערזעהען, אַז צווישען די ערשטע אין דער פּראָצעסיע געפֿינט זיך זיין זין גלעב. ער האָט קנאַקענדיג געזונ־גען גלייך מיט אַלע, אַז זיין היטעל האָט זיך איהם אַזש פֿאַריקט אויף דער זייט; זיין פּנים האָט געשיינט מיט יונגקייט און פֿון פֿול פֿרייד.

איוואַן איוואַנאָוויטש האָט זיך אלאָז געטהון צו איהם, ווילענדיג איהם אָב־שטעלען, נאָר אין דער גרויסער מחנה מענשען איז ער אויך מיטגעשלעפּט געוואָרען און ניט בעמערקענדיג איז ער צוזאַמען מיט זיי געבליבען שטעהען פֿאַר אַגרויס שעהן הויז, געבויעט אויף דעם גריכישען שטייגער. אויף דעם פֿראָנט פֿון דעם הויז האָט נעבלישטשעט די דאָזיגע גילדענע בוכשטאַבען:

„ווייסט אייערע רעכטע און אייערע פּפֿליכטען.״

— גלעב! האָט איוואַן איוואַנאָוויטש אָנגעחאַפּט זיין זין ביים אַרבעל, ווען זיי זענען אַריין אין׳ם גרויסען זאַל פֿון דעם שענעם הויז. — גלעב, וואָס טהוסטו דאָ?

— אָ, און דו ביזט דאָ, טאַטע? האָט זיך דערפֿרייט דער זין, — שוין לאַנג געוועזען צייט!

— חאַפּט דיך דער רוח, זאָג מיר בעסער, וואָס קומט דאָ פֿאָר וואָס טהוט איהר דאָ אַלע, וואָס טהוסט דו דאָ?

— וואָס הייסט? דו ווייסט גאָר ניט? האָט זיך געוואונדערט גלעב. מיר פייערען אונזער יום טוב, אונזער גרויסען יום טוב.

— דו קונדעס דו, וואָס איז דאָס פאַר אויסגעטראַכטע ימים טובים? ווילסט מען זאָל דיך קיין סיביר פאַרשיקען? אַוועק די מינוט פון דאַנען און קום מיט מיר, מענסט דיך שעטצען פאַר גליקליך, וואָס איך האָב דיך אין דער צייט דערזעהען.

— איך פאַרשטעה דיך ניט, טאַטע, וואָס דו רעדסט? אין דעם דאָזיגען טאָג וועל איך פון מיינע חברים ניט אַוועקגעהען. מיר פרייען זיך מיט איין אַלגעמיינער פרייד!

— ווי וואַגסטו רעדען אַ קעגען אַ טאַטען, דו יונגאַטש איינער? אָט באַלד מאַך איך פון דיר אַ באַרג אַש!

— זיי מיר מוחל, טאַטע, דו האָסט קיין שום רעכט!

— דו האָסט פאַרגעסען, אַז איך האָב איבער דיר די רעכטע פון אַ טאַטען.

— טאַטע, ביי מענשען איז ניטאָ קיין רעכטע אויף דעם צווייטען מענשען; ביי איהם איז נאָר דאָ רעכטע אויף זיין גוף און אויף זיין נשמה!

— אָט ווי אַזוי דו האָסט דיך צורעדט? וואָס׳זשע זאָל איך מיט דיר טהון? איהר זענט אַלע אַראָב פון זינען, צי וואָס?

— גענוג טאַטע! בעסער וואָלסטו זיך געפרייט מיט אונז צוזאַמען, זעה ווי מיר זענען אַלע אין איין פערזאַמלונג... אָט איז ל ע נ אַ דאָ!

— לענאַ?! האָט איוואַן איוואַנאָוויטש זיך אומגעקוקט; ער האָט דערזעהען זיין טאָכטער וועלכע ער האָט ניט געלאָזט אויף די קורסען און דאָ האָט ער זי געפונען צווישען אַ גאַנצע קאָמפּאַניע קורסיסטקעס.

— לענאַ איז אויך דאָ! האָט איוואַן איוואַנאָוויטש געבראָכען די הענד.

— יאָ זי איז אויך אויף דער פערזאַמלונג.

— פערזאַמלונג?.. שווייג האָטש, אומגליקליכער, מען וועט דערהערען ביסט אַ פאַרפאַלענער.

— ווער וועט דערהערען?

— מען ווייסט „ווער״! מאַכסט זיך תם׳עוואַטע! זיי זענען דאָ הינדערטער־וויז.

— אָט וועמען דו מיינסט! בערוהיג זיך: „זיי״ זענען שוין מעהר ניטאָ, ווייל מען ווייסט שוין איצט מעהר ניט פון די ווערטער: „ניט קיין זיכערער״!..

— דו ביזט אַראָב פון זינען! דו ביזט משוגע געוואָרען! האָט איוואַן איוואַנאָוויטש געשריען, נאָר זיין זון האָט איהם ניט געענטוועט, ער האָט זיך אַ וואָרף געטהון פאָראויס און זיך דורכגעשטופּט צו דער בימה, אויף וועלכע עס איז אַרויפגעגאַנגען אַ הויכער מאַן מיט בלישטשענדיגע אויגען און אונגעטהון פראָסטע קליידער. אַ ים פון מענשען וואָס האָבען זיך געפינען אין זאַל האָבען איהם ראַשענדיג בעגריסט.

— „פריינד! בירגער; האָט אָנגעהויבען דער רעדנער: דער היינטיגער גליקליכער טאָג איז דער בעסטער טאָג אין לעבען פון פאָלק. אין דעם טאָג האָט דאָס פאָלק דערקענט זיינע רעכטע און זיינע פפליכטען. רעכטע: — פריי צו דענקען, לעבען, אָטעמען און אַרבייטען; הויך רעדען דאָס, וואָס וויל זיך רעדען, אָפען זיך האַלטען אין דעם, וואָס מען גלויבט. הויך זינגען לידער אויף דעם אייגענעם לשון, ווייסען וואָס טהוט זיך אין אייגען לאַנד, לעבען מיט איהרע ליידען און פריידען, מיט דער גאַנצער נשמה געהמען אַנטהייל אין איהר לעבענס חוואַליעס! און מען איז

מחויב דיענען דאָס לאַנד מיט יעדע זאַך און מיט די גערדאַנקען, טראַכטען ניט נאָר וועגען איינען נפש'יל נאָר אויך וועגען דעם גליק פון גאַנצען לאַנד, אַז יעדער זאָל האָבען זיין טהייל לופט, ליכטיקייט, וויסענשאַפט און ארבייט, און יעדער זאָל זיין אַ בירגער פון אונזער גרויס לאַנד, מיט גלייכע רעכט !..״

— קאר-ראול ! האָט איוואַן איוואַנאָוויטש אָנגעהויבען גערוואלדעווען — קאררָאול !

ער האָט מעהר ניט געקענט עס איבערטראָגען, איבערהויפט דאס, וואָס מען קען איהם חס ושלום חושד זיין, אַז ער איז אויך איינער פון דער חברה, וואָס געהערען צו דער שעדליכער פערזאַמלונג און דעריבער האָט ער ניט אויפגעהערט צו שרייען : קאראול! נאָר פוןביידע זייטען זענען צוגעגאנגען צו איהם צוויי סערזשאַנטען און ליעבלעך איהם גענומען אונטער די הענד און געפיהרט צו דער טהיר זאָגענדיג דערביי :

— זייט זיך מטריח און געהט אַרויס פון דאַנען, אויב איהר ווילט ניט מען זאָל אייך ארעסטירען פאַר די שטערונג פון געזעלשאַפטליכע רוהיגקייט !

קאַרראול ! האָט זיך געראַנגעלט איוואַן איוואַנאָוויטש, אַ קאַלטער שוויס האָט איהם בעדעקט, — און ער האָט זיך אויפגעכאפט.

פאַר איהם איז געשטאַנען זיין ווייב אין אַ ברייטען קאַפאָט און געזאָגט :

— וואָס איז מיט דיר, וואַניושאַק, וואָס שרייסטע אַזוי שרעקליך ? עס איז שוין שפעט, מען דאַרף טהיי טרינקען.

— וואו בין איך ? האָט ער זיך ווילד אַרומגעקוקט — וואו איז גלעב ?

— אויף דעם גליטש אוועק.

— און לענא ?

— זי מעסט אָן אַ נייע קלייד ביי זיך אין צימער... וואָס איז מיט דיר ?

איוואַן איוואַנאָוויטש האָט זיך אומגעקוקט, נעבען איהם איז געליגען די צייטונג און דער זשורנאַל געפפענט ביי „23-טען יאַהרהונדערט״. רוהיג האָט געברענט דער לאָמפ, רוהיג האָט געקלאַפט דער זייגער.

— אַ שלעכטער חלום האָט זיך דיר געחלומ'ט צו וואָס ?

— יאָ אַ חלום... האָט איוואַן איוואַנאָוויטש געענטווערט, ווען ער איז געקומען צו זיך.

ער איז אריינגעגאנגען אין עסשטוב ; אויף דעם טיש איז געשטאַנען דער סאַמאָ-וואַר און עס איז געליגען אבענד טעלעגראַמעס , וואו איהם האָט זיך באלד געוואָרפען אין די אויגען די ידיעה : אז עס הערט ניט אויף די שעדליכע ריכטונג פון דער צייטונג״...

— אָ, גאָט ! האָט גרינג אַ זיפץ געטהון איוואַן איוואַנאָוויטש — מען לייענט זיך אָן מיט פערשיעדענע פלוידערייען... און וואָס האָט זיך מיר געחלומ'ט ! און אַלץ איז שולדיג דיין 23-טער יאַהרהונדערט, און דאָס קרויט מיט די גריבעס ! און אַבערעכענדיג פון דעם שרעקליכען חלום האָט זיך איוואַן איוואַנאָווי געזעצטטש טרינקען טהיי.

פריי בעאַרבייט פון רוסיש

מ. ספעקטאָר.

# די נאַטירליכע מעטאָדע.

## III.

(פאָרטזעצונג) *).

דער צווייטער סאָציאַלער טעם צודעם, אַז מיר דאַרפען סעקולאַריזירען דעם חדר און אַריינפיהרען אין איהם די וועלטליכע בילדונג איז — אונזערע קולטורעלע קנעכטשאַפט, אונזער גייסטיגע שוואַכקייט.

די גרויסע יודישע קולטורעלע כחות, יענע כחות וואָס האָבען אַזוי פיל געשאַפען אין דעם גאַנצען משך פון אונזער היסטאָרישען לעבען, זענען ווי פאַרשטיקט געוואָרען דורך די נייע לעבענס-אָרדנונגען, דורך די נייע געזעלשאַפטליכע פראבלעמען. אונזערע גייסטיגע פאָלקס-גיטער זענען געוואָרען צו-וואָלוועל; ביי דער יוגענד זענען זיי — אַ טויטער באַלאַסט. מיר זאָגען זיך אָפ פון אונזער היסטאָרישע ירושה, פון דער גייסטיגער אַרבייט פון פריהערדיגע דורות. אין אונזער פאַמיליע, אפילו אין אונזערע אייגענע אַ נ ש ט אַ ל ט ע ן הערשען פרעמדע שפראַכען. אונזערע יוגענד ווערט ער־צויגען אין פרעמדע שוהלען, — און איז דעריבער צוגעבונדען מיט לייב און לעבען צו פרעמדע ליטעראַטורען, צו פרעמדע אידעאַלען.

און אויב אַ פאָלק, וואָס האָט פאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט, איז ניט זיכער מיט זיין עקסיסטענץ, ווען ער האָט ניט קיין אייגענע קולטור — אַ פאַקט וואָס האָט זיך אַסך מאָל איבערגע׳חזר׳ט אין דער וועלטגעשיכטע — טאָ ווי גרויס איז די סכנה פאַר אונזער פאָלק, ווען חוץ דעם וואָס מיר האָבען קיין קולטורעלע זעלבסט־שטענדיגקייט ניט, האָבען מיר קיין פאָליטישע אויך ניט. מיר זענען צווייט און צו־שפרייט אין דער גאַנצער וועלט, אומעטום פרעמד און נור אונזערע גייסטיגע גיטער פעראייניגען און ערהאַלטען אונז — און אַז מיר זאָלען זיך פון די אויך אָפזאָגען, וואָס׳זשע וועט ווערען פון אונז? וואָס וועט אונז ערהאַלטען?

ס׳איז קלאָר, אַז פאָרלייפיג מוזען מיר זיך פעראייניגען נור אין גייסט און אַז עס קען אונז ערהאַלטען נור אַ גייסטיגער צענטר — ס׳פערשטעהט זיך, ווי לאַנג מיר זענען אין גלות — נור אַ אייגענע קולטור.

און אויב די אַלטע קולטור בעפריעדיגט אונז ניט מעהר — מוזען מיר שאַפען אויף איהר אָרט אַ נייע, וואָס זאָל אונז יאָ בעפריעדיגען. בפרט אַז דער סדר־עולם איז אַזוי: אַלטע, אָבגעניצטע יסודות פאַלען אָפ און נייע בייטען זיי אום.

---

*) זעה העפט III, 1905

די וועלט ווייסט פון צוויי קולטורען: א גייסטליכע און א וועלטליכע. אונזער קולטור איז א גייסטליכע, — און אז די טויג ניט, מוזען מיר זיך ווענדען צו דער וועלטליכער.

איידער זיך האלטען ביי דאס אלטע און צוליעב דעם בידים פערטרייבען די יוגענד פון זיך, בעסער פארטרייבען די זקנה — פון די שוהלען מיין איך — און אומ־קעהרען צו אונז אונזער יוגענד.

וואס דארפען זיי געהן ביי אנדערע לערנען די „לעבעדיגע" חכמות, און ביי אונז געפינען נור טוידטע — לאזען זיי בעסער ביי אונז גופא געפינען די לעבעדיגע חכמות. דאס לעבעדיגע וויסען און בלייבען טריי און צוגעבונדען צו אונז.

מיט פשוט'ע ווערטער: אין אונזער חדר דארף מען אויפהערען צו לערנען די למודים פון אמונה און מען דארף אנהייבען וועלטליכע בילדונג צו לערנען אין א יודישע שפראך.

איך ווייס די טענות, וועלכע קענען געבראכט ווערען געגען דער בעהויפטונג; איך וועל זיך אויך אפשטעלען שפעטער אויף זיי, און איצטער וועל איך אריבערגעהן צו די פעדאגאגישע טעמים פאר דער בעהויפטונג, פאר'ן סעקולאריזירען דעם חדר.

די פעדאגאגישע טעמים פאר די בעהויפטונג זענען:

1) דורך דעם, וואס מיר וועלען איינפיהרען וועלטליכע למודים אין אונזער חדר, וועלען מיר פטור ווערען פון דער פערשאלטענער צווייאיקייט, וועלכע הערשט אין אונזער ערציהונג. יעצט מוזען אונזערע קינדער לערנען צווייערליי למודים ביי צווייערליי לעהרער: די יודישע למודים אין חדר, און די אלגעמיינע — ערגעץ אנדערס וואו און דאס איז זעהר א שווערע לאסט אי פאר'ן קינד, אי פאר די עלטער'ן.

פאר'ן קינד: ווייל ער מוז צופיעל לערנען און ער ווערט א פארמאטערטער, א צוריסענער צווישען די ביידערליי למודים מיט די ביידערליי לעהרער און ווייסט ניט, וואס פריהער צו לערנען און וואס שפעטער.

פאר די עלטער'ן: ווייל זיי מוזען צאהלען צווייערליי שכר־למוד, אי דעם יודישען לעהרער אי דעם אלגעמיינעם, — און דאס איז צושווער פאר דער מעהרהייט.

אז מ'זאל אבער איינפיהרען אינ'ם חדר אלגעמיינע למודים, ווערט עס גאנץ אנדערס. דאס קינד וועט פטור ווערען פון צווייערליי למודים, ער וועט נור איינערליי מוזען לערנען אויף איין שפראך, און די עלטערען וועלען דארפען צאהלען איינערליי שכר למוד.

אי די לאנדעסשפראכע? איז איינס פון די ביידע: אדער וועט מען ערלויבען צו לערנען איהר אין די חדרים אלס א פרעמדע שפראכע, אדער וועט מען זיך בע־געהן אהן איהר...

א ראיה אז מען קאן זיך לייכט בעגעהן אהן איהר זענען די לעט'ן און די ליטווער (דער ביישפיל איז פאר די אויגען פון דעם שרייבער פון די שורות). די לעט'ן האבען אזא פאלקס־שוהל, וואו זייערע קינדער לערנען די עלעמענטארע יסודות פון דער אלגעמיינער בילדונג און די יסודות פון זייער אמונה — אויף לעטיש. די רעגירונג צווינגט זיי, אז מען זאל אין זייערע פאלקס־שוהלען לערנען די

לאַנדעסשפּראַכע אויך, און זיי זענען ניט נור דאַנקבאַר פֿאַר אָט דער טובֿה, זיי זענען מיט איהר שטאַרק ניט צופֿריעדען.

די ליטווער האָבען ניט אַזאַ שוהל, אָבער זיי שטרעבען מיט אַלע כחות צו קריגען אַזאַ שוהל. זיי האָבען ניט לאַנג געשיקט א פּעטיציע צום פּרעזידענט פֿון דעם מיניסטעריאַל-קאָלעגיום, וואו זיי בעטען, אַז מ'זאָל זיי ערלויבען צו עפֿענען אַזעלכע פֿאָלקס שוהלען. יאָ, זיי פֿאָדערען אפילו, אַז ניט נור אין די נידערע שוהלען זאָל די אונטעריכטס שפּראַכע זיין די ליטווישע, זאָנדערן אין די מיטעלע שוהלען אויך.

און זיי לעבען דאָך אויך אין רוסלאַנד און האָבען דאָך אויך אַ פֿערקעהר מיט רוסען!

(און אַז איך האָב דיעזעלבּיגע פֿאָדערונג געזוכט קלאָר צו מאַכען אונזער פּובּליקום נאָך מיט פֿינף יאָהר צוריק, בין איך ביז היינטיגען טאָג געבליבען איינער ווי אַ שטימע אין דעם מדבר. אַ חרפּה!).

2) ווי לאַנג מ'וועט אין חדר ניט לערנען וועלטליכע למודים, ווי לאַנג אין חדר וועט מען לערנען נור רעליגיעזע למודים, איז אונמעגליך דעם חדר צו רעפֿאָרמירען, וועזענטליך אויסצובעסערען. ווייל ס'איז אונמעגליך צו געפֿינען גוטע, נאַטירליכע לעהרערטען פֿאַר די איצטיגע סכאָלאַסטישע חדר-למודים.

איך זאָג אַרויס אַזוי זיכער אָט די בעהויפּטונג, ווייל זי איז געבויט: א) אויפֿ'ן משכל-ראשון; ב) אויף די מיינונג פֿון די גרעסטע אווטאָריטעטען, פֿון די וועלט-פּעדאַגאָגען און דענקער; ג) אויף דער היסטאָרישער ערפֿאַהרונג.

דער משכל-ראשון זאָגט, אַז גוטע לעהר-ארטען זענען געבויט אויפֿ'ן וויסען דעם ריכטיגען דענקונגס-גאַנג; סכאָלאַסטיקע איז פּונקט דער הפך דערפֿון — מילא קומט אויס, אַז פֿאַר סכאָלאַסטישע למודים קענען ניט געשאַפֿען ווערען קיין גוטע לעהר-ארטען.

דער משכל-ראשון זאָגט: לערנען, ד. ה. עטוואָס גענוי ערקענען, דאַרף מען דאָס, וואָס ס'איז ניט צו הויך פֿאַר'ן קינד'ס-שכל. וואָס בעגרייפֿליכער פֿאַר'ן קינד, איז איהם אַליין לייכטער אויסצולערנען, — איז דאָך זעלבסטפֿערשטענדיג ריכטיג אויך דער הפך: וואָס אונבעגרייפֿליכער פֿאַר'ן קינד דאָס לערן-שטאָף איז, איז איהם אַליין שווערער אַזאַ לעהר-שטאָף אויסצולערנען. קיינער וועט ניט זאָגען, אַז תנ״ך איז און מוז זיין אַלע מאָל זעהר אַ שווערער למוד פֿאַר'ן קינד.

דער משכל-ראשון זאָגט: לייכטע לעהר-ארטען זענען די, וואָס ברענגען ביי דעם קלענסטען פֿערוועגדונג פֿון כחות דעם קינד צו'ם קלאָרען פֿערשטעהן דאָס וואָס ער לערנט, — היינט אַז דאָס קינד לערנט אַ זאַך, וואָס איז ניט פֿאַר זיין פֿערשטאַנד, טאָ ווי קען מען געפֿינען לייכטע לעהר-ארטען ווי עס איהם קלאָר צו מאַכען!

דאָס איז אַליך, דאַכט זיך, אַזוי קלאָר, אַזוי עלעמענטאַר — און פֿונדעסטוועגען מוז מען עס נאָך שרייבען!

די גרעסטע פּעדאַגאָגען זאָגען:

„דער עקר איז, — זאָגט דער ערשטער און גרעסטער שטרייטער געגען סכאָלאַסטיק, בעקאָן, — אַז מיר זאָלען ניט אָפּקעהרען אונזערע גייסטיגע אויגען פֿון די זאַכען אַליין"... ד. ה. אַז מיר זאָלען לערנען רעאַלע זאַכען, און ניט קיין „אלקות",

פשוט'ער גערעדט, מיר זאָלען לערנען מיט די קינדער וועלטליכע בילדונג אָבער נור פון דער רעאַלער וועלט, וואָס איז ארום קינד.

„די שוהל,— זאָגט קאמעניוס, — מאַכט אַ פעהלער דערמיט, וואָס זי הייבט אָן ניט פון דער זאַך, נאָר פונ'ם וואָרט“... ד. ה. מ'דאַרף לערנען פריהער די אויסען־וועלט, די ערשיינונגען פון דער נאַטור, און ערסט נאָכדעם אַריבער גיהן צו אבּ־סטראַקציען (אָבער אויך וויסענשאַפטליכע!).

„עס טהוען די לעהרערס זעהר ניט גוט, ווען זיי הייבען אָן דאָס לערנען פונ'ם תנ"ך“ — אַזוי, אונגעפעהר, זאָגט לאָקק.

„קיין אנדער בוך דאַרף מען עמיל'ן ניט געבען צום לערנען, —זאָגט רוססאָ,— חוץ דער וועלט“...

„ד ע ר ג אַ נ צ ע ר ל ע ר נ ע ן ד אַ ר ף ב א ז י ר ע ן א ו י ף א נ ש ו י ל י כ ק י י ט א ו ן ד ע ר ג אַ נ צ ע ר ה ת ח ל ה־ל ע ר נ ע ן ד אַ ר ף ז י י ן נ ו ר אַ א נ ש ו י־ל י כ ע ר“ — אַזוי זאָגט דער גרינדער פון דער פאָלקס־שוהל פעסטאלאצצי.

פון אָט די אַלע אויבענגעבראַכטע רעד, איבערהויפּט פון לאָקקס רעד, זעהען מיר איין קלאָר, אַז ד אָ ס ג אַ נ צ ע ס כ א ל א ס ט י ש ע ן לערנען אונזערעס (און נאָך אין אַנפאַנג'ס שוהל, ווי דער חדר איז!) איז אַ אַבסורד — און אַז דאָס לערנען גופא איז אונאַטירליך אין פאָלקס־שוהל, טאָ ווי קענען מיר גאָר קלערען וועגען געפינען בעסערע לעהר־ארטען פאַר דעמזעלבינען למוד? בפרט אַז מיר זענען נאָך אַזוי אונוויסענד אין פעדאַגאָגיע, אונוויסענד אַלע, פון קליין ביז גרויס.

און די געשיכטע ווייזט אונז, אַז ערסט דאן האָבען זיך אויסגעאַרבייט גוטע לעהר־ארטען, ווען די שוהל האָט זיך בעפרייעט פון דער גייסטליכקייט. בשעת מען האָט אָנגעהויבען צו לערנען אין דער פאָלקס־שוהל ניט קיין טרוקענע קאטעכיזיסען און תנ"ך, זאָנדערן וועלטליכע למודים.

ברענגען פאַקטען, וואָלט איך דאַן געמוזט איבערזעצען די ערסטע בעסטע געשיכטע פון דער ערציהונג פון טאָוועל ביז טאָוועל.

מ'וועט מיר אָנווייזען דאַרויף, אַז אין די געבילדעסטע לענדער פון אייראפּאַ איז נאָך היינטיגען טאָג אָדער די גרעסטע טייל פון די פאָלקס־שוהלען אין די הענד פון די גייסטליכע, אָדער די גייסטליכע האָבען סתם אַ גרויסען איינפלוס אויף די פאָלקס־שוהלען און דער עלעמענטאַרער בילדונג בכלל — און דאָס שטערט דאָך ניט, וועט מען מיר זאָגען, צו זייער קולטור.

מיר דאַרפען אָבער ניט פאַרגעסען דעם הויפּט אונטערשיעד צווישען אַ ניט יודישע גייסטליכע פאָלקס־שוהל און צווישען דעם יודישען חדר, אַז ביי די ערסטע, לערנט מען אויך וועלטליכע בילדונג, די גייסטליכע למודים זענען דאָרט נור איין למוד צווישען די איבעריגע, די וועלטליכע. דער עיקר איז דאָ ביי די גייסטליכע כמעט נור אין דער הנהגה. ביי אונז אָבער איז עס גאַנץ אַנדערש. אין אונזער גייסט־ליכער פאָלקס־שוהל, אינ'ם חדר זענען די גייסטליכע למודים דער עיקר, דער אָנהייב און דער סוף און ס'איז כמעט ניטאָ אינ'ם חדר קיין זכר פון וועלטליכע בילדונג.

ניט אין דער הנהגה — אין די למודים גופא איז דער גרונד אונטערשיעד.

י. י. גלאַס.

(ענדע קומט).

# פֶּערְוִויעגְט.

(ס. אַיָלֶה׳ן).

---

„—זֶעה נוּר, דֶער הִימֶעל, — עֶר וֶוערְט אַלְץ מֶעהְר פִינְסְטֶער,
דִי שְׁטֶערֶען — זַיי לֶעשֶׁען זִיךְ אֵיינְצִיג־וַוייז אוֹיס,
צֶענְדְלִיגֶער וָואלְקֶען צִיעהְ׳ן זִיךְ צוּזַאמֶען —
אָי, הָאבּ אִיךְ מוֹרָא !...
הָארְךְ נוּר, וִוי ס׳סוֹדְ׳עֶן־זִיךְ שְׁטוּם יֶענֶע בּוֹימֶער,
אוּן קוּקֶען אוֹיף אוּנְז אַזוֹי שְׁטִיל, אַזוֹי שְׁוַוארְץ...
וֶוער מַאכְט עֶס פוּן צְוִוישֶׁען דִי צְוַוייגֶען עֲנַיוֹת ?
אָי, הָאבּ אִיךְ מוֹרָא..."
עֶס הָאט דֶער קַאנַארִיק גֶעטְרֶעלֶערְט — וואוּ אִיז עֶר ?
עֶר הָאט אוּנְז פַארלָאזֶען אוּן בְּלָאנְדְזֶעט אִין נַאכְט...
הָארְךְ נוּר, וִוי מוֹרֶא׳דִיג שְׁוַוייגְט אִיצְט דִי שְׁטִילְקַייט... —
אָי, הָאבּ אִיךְ מוֹרָא..."
„—שְׁרֶעק נִישְׁט ! אִיךְ שְׁטֶעה דָא מִיט דִיר — יֶענֶע וָואלְקֶען,
וָואס צִיעהֶען זִיךְ לַאנְגְזַאם, זַיי אַרְט נִיט דִי וֶועלְט ;
זַיי זֶענֶען דִי שׁוֹמְרִים פוּן הִימֶעל, דֶעם רַייכֶען,
זַיי הִיטֶען דֶעם „אוֹיבֶּערְשְׁטִינְס" צֶעלְט...

דִי כְּרוּבִים וָואס שְׁטֶעהֶען אוּן זִינְגֶען אִיהם „שִׁירָה",
וָואס שְׁטֶעהֶען אוּן לוֹיבֶּען זַיין נָאהְמֶען אוּן בֶּענְשֶׁען...
זַיי וִוילֶען פַארְלָאזֶען דִי הִימְלֶען, אוּן פְּלִיעהֶען
צוּ אוּנְז צוּ דִי מֶענְשֶׁען . . .

דִי בּוֹימֶער — זַיי סוֹדֶ׳ען זִיךְ נִישְׁט, נָאר זַיי רוּפֶען...
זַיי רוּפֶען אוּנְז... יֶעדֶער צוּ זִיךְ, דֶען זַיי דֶענְקֶען :

מִיר בֵּיידֶע, מִיר זֶענֶען צְוֵויי פֶּאגֶעל... זַיי רוּפֶען...
אַ נֶעסְטֶעלֶע וִויל יֶעדֶער שֶׁענְקֶען...

שְׁוַוארְץ־שְׁטוּם אִיז דִי נַאכְט, דָאס קַאנַארִיקֶעל בְּלָאנְדְזֶעט
טִיעף־טִיעף אִין דֶער נַאכְט... נָאר עֶר וֶוערְט נִישְׁט פֶערְפַאלֶען!
עֶר קוּמְט צוּ אוּנְז וִוידֶער, אוּן בְּרֶענְגְט אוּנְז דִי בְּשׂוֹרָה,
פוּן מִזְרַח, פוּן גָאלְדֶענֶע שְׁטְרַאהלֶען!...

אַלְץ שְׁלָאפְט שׁוֹין, שְׁלָאף אוֹיךְ אַיין, נְשָׁמָה׳לִי־מַיין,
דָאס ווִינְטֶעל אִיז אוֹיךְ שׁוֹין אַנְשְׁוִויעגֶען...
שְׁפַּאר סְ׳קָאפֶּעלֶע אָן אוֹיפְ׳ן הַארְצֶען בַּיי מִיר —
עֶס וֶועט דִיךְ זַיין קְלַאפֶּען פֶּערְוִויעגֶען.

פוּן הַארְצֶען בַּיי מִיר וֶועסְטוּ זוֹיגֶען חֲלוֹמוֹת,
זַיין צִיטֶער, זַיין גְלִיהֶענְדֶעס גְלִיק;
אוּן קִישֶׁענְדִיג דִיךְ אִינְ׳ם שְׁנֶעע־וַוייסֶען שְׁטֶערְן —
וֶועל אִיךְ זַיי זוֹיגֶען צוּרִיק...

דוּ שְׁלָאפְסְט שׁוֹין, מַיין טַייֶער נְשָׁמָה׳לִי, שְׁלָאף!
סְ׳הַארְץ קְלַאפְּט, אַזוֹי שְׁטִיל, אַזוֹי שְׁטִיל...
עֶס שְׁוֶועבְּט דִיר דֶער חָלוֹם אוֹיפְ׳ן בְּלֵייכֶען גֶעזִיכְט
אִיךְ פִיהל נִישְׁט דֶעם חָלוֹם אוּן פִּיהל..."

יצחק קאצענעלזאן.



# דער זייגער.

פֿון

## מאקסים גארקי.

(איבערזעצט פֿון א״ם. על.)

---

I.

טיק־טאַק, טיק־טאַק!

ביי נאַכט, ווען עס איז שטיל, אָדער ווען מען איז אַליין האָפּט אַ שוידער צו הערען דעם קאַלטען שמיעס פֿון זייגער־פּענדעל: די מאָנאָטאָנע מאַטהעמאַטיש גלייכע טענער, וואָס מעלדען שטענדיג נור איין זאַך, אַז דאָס לעבען בעוועגט זיך אָהן אויפֿהער. שלאָף און פֿינסטערניס נעמען אַרום די ערד, אַלץ שווייגט, נור איין זייגער מעלדעט קאַלט און הויך, אַז עס לויפֿען די סעקונדען... עס קלאַפּט דאָס פּענדעל און מיט איטליכען קלאַנג פֿערקירצט זיך דאָס לעבען אויף אַ סעקונדע, אויף אַ קליינינקען טהייל פֿין צייט, וואָס איז איטליכען פֿון אונז געגעבען געוואָר׳ען, אויף איין סעקינדע, וואָס וועט זיך ש׳ין קיינמאָל נישט צוריקקעה־ען צו אונז. פֿין וואַנען נעהמען זיך די סעקונדען און וואו ווערען ד׳י פֿערשוואונדען? קיינער וועט דערויף ניט געבען קיין ענטפֿער... און עס זענען נאָך דאָ אַ סך פֿ־אַגען, אויף וועלכע מען קריענט ניט קיין ענטפֿער. עס זענען דאָ נאָך אַ סך אַנדערע פֿראַגען, נאָך וויכטיגערע פֿון וועלכע, לויט דעם נאָך ווי מען וועט זיי פֿערענפֿערן, הייננט אָב אונזער גאַנצעס גליק. ווי דאַרף אַ מענש לעבען, אַז ער זאָל זיך פֿיהלען נייטהיג פֿאַר׳ן לעבען? ווי זאָל אַ מענש לעבען, אַז ער זאָל ניט פֿערליערען זיין פֿרישען גלויבען אין זיינע יונגע ווינשע? ווי דאַרף מען לעבען, דאָס קיין רגע זאָל ניט אַוועק געהן אין גאָרניט, ניט איבערלאָזענדיג קיין רושם אין אונזער האַר׳ץ און אונזער גייסט? צו וועט ענטפֿערן אַמאָל אויף די דאָזיגע פֿראַגען דער זייגער, וואָס בעוועגט זיך אָהן אַ אויפֿהער, — וואָס וועט זאָגען אויף דעם דער זייגער?

---

II.

טיק־טאַק, טיק־טאַק!

עס איז ניטאָ אויף דער וועלט קיין קאַלטערע זאַך פֿאַר אַ זייגער. עס קלאַפּט מיט דעם גלייכען טאָן סיי אין טאָג פֿון אייער געבורט, סיי אין דעם מאָמענט ווען

איהר פליקט מיט א ווילדען חשק די בלומען פון אייער יוגענד־חלומות. פון דער ערשטער שעה פון געבורט נעהערט זיך דער מענש מיט איטליכען טאג אלץ נעהנטער צום טוידט. און אין דעם טאג פון אונזער גסיסה וועט דער זייגער רוהיג און טרוקען ווי געוועהנליך צעהלען אונזערע לעצטע ביטערע סעקונדען. אין דעם קאלטען טאן פון זיין חשבון, — הערט זיך נור גוט צו, — קלינגט דער קול פון איינעם וואס וויים שוין אלץ, און וואס איז שוין פערמאטערט געווארען אלסדינג צו וויסען, קיינמאל וועט שוין קיין זאך איהם ניט אויפרעגען און קיין זאך איז איהם שוין ניט טייער. ער איז גלייכגילטיג צו אלץ, און מיר, — אויב עס ווילט זיך אונז לעבען, — מוזען בעשאפען איין אנדער זייגער, א זייגער פול פון געפיהלען, געדאנקען און טהאטען אום נור לויז צו ווערען פון דעם לאנגוויילינגען מאנאטאנען נשמה־טוידטער, פון דעם זייגער וואס קלינגט אזוי קאלט און אזוי אומעטיג.

---

III.

טיק־טאק, טיק־טאק!

אין דער בעוועגונג פון זייגער וואס וויים ניט פון רוה איז ניטא קיין איינציגער אונגעוועהנליכער פונקט. — וואס'זשע על־כן בעצייכנען מיר מיט'ן נאמען געגענווארט? נאך דער ערשטען סעקונדע ווערט געבארען א צווייטע. וואס שליידערט אראב די עלטערע שוועסטער אין א תהום פון שכחות...

טיק־טאק! און איהר זייט גליקליך א רגע. טיק־טאק! און אט גיעסט זיך שוין אריין אין אייער הארצען דאס ביטערע גיפט פון א אומגליק; און דאס אונגליק קען בלייבען זיצען ביי אייך דאס גאנצע לעבען, ווען איהר וועט ניט זעהען איטליכע רגע פון אייער לעבען אנצופיהלען מיט עפיס א נייעס, מיט עפים א לעבעדינגס. אין דעם דארנקראנץ פון זעלען־יסורים ליעגט א בעזונדערער חן; דאס איז א געפעהרליכער יחוס. צוליעב דעם יחוס זאגט מען זיך אפט אב צו זוכען עפים אנדערעס, העכערס, דאס וואס גיבט נאך מעהר רעכטען צו טראגען אויף זיך דעם נאמען צלם אלהים. און יסורים זענען דא אזוי פיעל, און זיי זענען געווארען אזוי וואלוועל, אז קיינער קוקט שוין גאר אויף דעם יחוס ניט. דעריבער זאל מען ניט אזוי זיך ארומטראגען מיט זיינע אייגענע צרות אוןליידען. צי זאל ניט איטליכער זוכען עפים א אריגינער־לערען יחוס, עפים א טהייערערען לעבענס־אינהאלט? דער יחוס פון אייגענע יסורים — זענען געפאלענע פאפירען, און מען זאל זיך פאר קיינעם ניט בעקלאגען אויפ'ן לעבען: די טרייסט־רייד, וואס מען קריעגט, ענטהאלטען זעלטען אין זיך דאס וואס דער ליידענדער זוכט און פערלאנגט צו הערען. דעמאלט איז דאס לעבען אמת אינטערע־סאנט, אמת פארפול, ווען דער מענש קעמפפט מיט די סבות, וואס לאזען איהם ניט לעבען, אין קאמפף וועלען גיכער פערביינעהן די לאנגוויילינגע שווערע שטונדען.

---

IV.

טיק־טאק, טיק־טאק!

דעם מענשענס לעבען איז אזוי קורץ, האטש חוזק צו מאכען. ווי זאל א מענש לעבען? א טהייל גיבט זיך איהם אב מיט לייב און זעעל. די ערשטע וועלען אויף

די עלטערע יאָהרען זיין אָרעם אין גייסט און ערינערונגען, די אַנדערע וועלען זיין רייך סיי אין גייסט סיי אין ערינערונגען. און די ערשטע ווי די אַנדערע וועלען שטאַרבען און פון קיינעם וועט גאָר ניט בלייבען, כל זמן קיינער וועט דעם לעבען ניט אַוועקגעבען מיט אַ טרייען זין זיין גייסט און זיין הארץ... און ווען איהר וועט שטאַרבען וועט דער זייגער מיט אַ קאַלטען געמיט צעהלען די סעקונדען פון אייער גסיסה. טיק-טאַק! און אין די אייגענע סעקונדען וועלען געבאָרען ווערען נייע מענשען, צו עטליכע אין יעדער רגע, — און איהר וועט שוין דעמאָלט ניט זיין אויף דער וועלט. און דאָס לעבען וועט ניט האָבען פון אייך וואָס דאָס האָר איז ווערט, חוץ אייער טויטען גוף, וואָס וועט אַרויסלאָזען אַ שלעכטען ריח. צו וועהרט זיך ניט אייער שטאָליץ קעגען דער אויטאָמאַטישען (ווילענסלאָזען) שאַפּונגסקראַפט. וואָס האָט אייך אַריינגעוואָרפען אין לעבען און דערנאָך אָבגעריסען פון איהם — און פאַרטיג? אויב איהר זייט באמת שטאָליץ און איהר פיהלט· זיך בעליידיגט דערפון וואָס איהר זייט אַ קנעכט אין די הענד פון דער צייט, לאָזט'זשע איבער אין לעבען אַ טיעפען זכרון פון זיך, בעקלערט וואָס פאַר אַ פלאַץ איהר האָט פערנומען אין לעבען: אַ ציעגעל איז בעשאַפען געוואָרען, דערנאָך איז ער געלעגען יאָהרענלאַנג אָהן בעוועגונג אין אַ בנין, דערנאָך איז ער געוואָרען צושאָטען און איז פערשוואונדען... ווי לאַנגווייליג, ווי נודנע איז דאָס צו זיין ניט מעהר ווי אַ ציעגעל! טאָ זייט זש'ע ניט גלייך צו קיין ציעגעל. אויב איהר האָט נאָך מאַרך אין קאָפּ און אַ האַרץ אין ברוסט, אויב איהר ווילט נור אויספּרובירען אין לעבען די גוטע שטורעמדיגע צייטען, פול פון הייסע געפיהלען און טיעפע געדאַנקען.

## V.

טיק-טאַק, טיק-טאַק!

אַז איהר וועט אַ רגע אַ קלעהר טהון, וואָס פאַר אַ קליינע נאַרישע ווערדע איהר האָט אין דער גרונדלאָזען בעוועגונג פון דער צייט. וועט איהר זיך פיהלען דערשלאָגען פון דעם געדאַנקען ווי פון אַ שווערע משא. זאָל טאַקי דער געדאַנקען אייך טיעף בעליידיגען! זאָל ער וועקען אין אייך אַ טיעפען שטאָליץ. און פיהלט טאַקי אַ שנאה צום לעבען וואָס דערניעדריגט אייך און ערקלעהרט איהם טאַקי קריעג. צו ליעב וואָס? בשעת די נאַטור האָט דעם מענשען צוגענומען די פעהיגקייט צו געהן אויף אַלע פיער האָט זי איהם געגעבען אָנשטאַט אַ שטעקען — דאָס אידעאַל און פון דעמאָלט אָן שטרעבט ער ניט ווייסענדיג, לויט די אינסטינקטען זיינע, צו עפּיס בעסערען, — אַלץ העכער! זאָל אייער ניט ווייסענדיג שטרעבען ווערען ווייסענדיג, לערנט אויס די מענשען צו פערשטעהן, אַז נור אין ווייסענדיגען שטרעבען צו עפּיס בעסערס ליעגט דאָס אמתע גליק. קלאָגט זיך ניט אויף אייערע שוואַכע קרעפטען, קלאָגט זיך בכלל ניט. דאָס איינציגע וואָס דאָס קלאָגען זיך וועט אייך געבען בעשטעהט אין רחמנות, אין די בעקאַנטע נדבה פון אָרעמע נפשות. אַלע מענשען זענען גלייך אונגליקליך, דער אונגליקליכסטער איז נור דער וואָס פוצט זיך אויס מיט זיין אונגליק. גראָד די דאָרשטען מעהר פון אַלעמען צוציהען אויף זיך פרעמדע בליקען, און געראָד די פערדיענען ניט, אַז מען זאָל אויף זיי קוקען. אין שטרעבען פאָרווערטס— אָט דערין ליעגט דאָס ציעל פון לעבען. זאָל דאָס גאַנצע לעבען זיין אַ שטענדיג שטרעבען, דעמאָלט וועלען זיך אויך געפינען אין איהם ערהאַבענע, פרעכטיגע צייטען.

## IV.

טיק־טאַק, טיק־טאַק!

„צו וואָס האָסט דו געגעבען דעם מענשען ליכטיגקייט, ווען דער וועג צו איהר איז פֿערמאַכט, און אַליין האָסט דו זיי פֿערצווייגען מיט פֿינסטערנים?" — אָט אַזוי האָט אַמאָל איוב געפֿרעגט דעם רבונו של עולם. היינט זענען שוין ניט דאָ אַזוינע מוטהיגע מענשען, וואָס, געדענקענדיג אַז זיי זענען גאָט'ס קינדער און טראָגען אויף זיך זיין געטליכען אָבבילד. — זאָלען פֿיהרען מיט איהם אַזא שפּראַכע ווי דער פֿערצייטיגער איוב. די היינטיגע מענשען האַלטען בכלל פֿון זיך זעהר ווייניג. און דאָס לעבען האָבען זיי ניט שטאַרק ליעב, און זיך אַליין קענען זיי ניט ליעב האָבען ווי עס דאַרף צו זיין און אין דער אייגענער צייט ציטערן זיי פֿאַר'ן טוידט, האָטש, ווי בעקאַנט קען איינער פֿון איהם ניט ענטרונען ווערען. נאָך קיין מענש איז פֿון טוידט ענטרונען; זייט דער מענש האָט זיך בעוויזען אויף דער ערד שטאַרבט ער, און עס איז שוין צייט געוועזען זיך צו צוגעוואוהנען צום טוידט. דער געדאַנקען, אַז מען האָט אַלץ אָבגעטהון וואָס מען האָט געדאַרפֿט, קען פֿערניכטען דעם שרעק פֿאַר'ן טוידט; און דער וואָס איז עהרליך דורכגעגאַנגען זיין לעבענסוועג וועט רוהיג זיך שיידען פֿון דער וועלט. טיק־טאַק... פֿון מענשען בלייבען נאר איבער זיינע מעשים. צוגלייך מיט זיינע לעצטע שטונדען ענדיגען זיך אויך זיינע ווינשע, און עס וועלען שוין קומען אַנדערע שטונדען, די שטונדען בעת מען שעצט אָב דעם סך־הכל פֿון זיין לעבען, הארבע ערנסטע שטונדען.

---

## VII.

טיק־טאַק, טיק־טאַק!

אין דער לעבעדיגען וועלט, וואו אַלץ האט זיך פֿערפלאָנטערט אין סתירות, אין ליגענס און אין שלעכטסקייט איז אייגענטליך אַלצדינג פשוט בתכלית הפשטות. און אַלץ וואָלט נאָך פשוט'ער געוואָרען, ווען די מענשען וואָלטען זיך גוט איינגעקוקט איינער אין דעם אנדערענס פנים, און ווען איטליכער וואָלט געהאַט מיט זיך אַ אמת'ן פֿריינד.

דער וואָס לעבט אַליין, ער מעג זיין מי יודע ווי גרויס, איז פֿאַרט קליין. מען מוז זיך מיהען צו פֿערשטעהן איינער דעם אַנדערען: דען מיר אַלע רעדען פֿיעל טונקלער און שלעכטער, ווי מיר טראַכטען. דעם מענשען פֿעהלען אַ סך ווערטער דאַמיט, אַז ער זאָל קענען ענטפּלעקען זיין האַרצען פֿאַר איין אַנדערען, און אַ סך וויכטיגע גרויסע לעבענסגעדאַנקען ווערען פֿערפֿאַלען ניט לאָזענדיג אַ סימן נאָך זיך, ווייל עס זענען נאָך ניטאָ די אופנים, ווי זיי אויסצודרוקען. אַ געדאַנקען ווערט געבאָרען, מיט וואָס פֿאַר אַ חשק וואָלטען מיר דעם געדאַנקען אויסגעדריקט אין ווערטער, אין פֿעסטע קלאָרע ווערטער... און אויף צו־להכעיס — פֿעהלט דאָס וואָרט.

הערט זיך צו אויפֿמערקזאַם צו איטליכען געדאַנקען, העלפֿט איהם אין דעם מאָמענט פֿון זיין געבורט, אייער מיה וועט שטענדיג בעלאָהנט ווערען, אומעטום און אין אַלץ ליגנט פֿערגראָבען אַ געדאַנקען, — אפילו אין אַ שפּאַלט פֿון שטיין קענט איהר איהם געפֿינען, ווען איהר וועט נור דאָס שטאַרק וועלען. פֿאַר'ן רצון פֿון מענשען בויגען זיך די שטאַרקסטע פֿעסטונגען. אויב דער מענש זאָל נור וועלען,

וועט ער זיין דער האַר פֿון לעבען, ניט ווי איצט — זיין דערשלאָגענער קנעכט. זאָל נור קומען דער שטאַרקער וואונש צו לעבען, די שטאָלצע פֿאָרשטעלונג פֿון די אייגענע כחות, — און דאָס גאַנצע לעבען וועט פֿערוואַנדעלט ווערען אין פּראַכטיגע שטונדען, אין שטונדען בעת די קרעפֿטען פֿון גייסט וועלען שפּיעלען אין אַלע פֿאַרבען, אין שטונדען פֿול-פֿאַרפֿול מיט גרויסאַרטיגע טהאַטען, — אין גרויסע הדרת׳דיגע שטונדען.

---

## VIII.

טיק-טאַק, טיק-טאַק!

לעבען זאָלען די שטאַרקע גייסטער, די מענשען מיט אַ מוטהיגען האַרצען, די וואָס דיענען דעם אמת, דער גערעכטיגקייט און דער שענקייט! מיר קענען זיי ניט ווייל זיי זענען שטאָלץ און פֿערלאַנגען ניט קיין בעלוינונג; מיר זעהען ניט מיט וואָס פֿאַר אַ פֿרייד זיי פֿערברענען זייערע הערצער. זיי גיעסען אויס אויף׳ן לעבען אַ העלע ליכטיגקייט, דאָס אויך בלינדע ווערען זעהענדיג. שוין צייט אַז די בלינדע, — און גרויס-גרויס איז זייער צאהל, — זאָלען ווערען זעהענדיג; שוין צייט אַז די מענשען זאָלען דערזעהען מיט שרעק און עקעל וואָס פֿאַר אַ גראָבען, אונגערעכטען און מיאוסען לעבען, זיי פֿיהרען. לעבען זאָל דער מענש, וואָס איז דער האַר פֿון זיינע ווינשע! זיין האַרץ איז אַ ים; אַלע יסורים פֿון דער וועלט, אַלע מענשליכעליידען שפּיעגלען זיך אָב אין זיין נשמה. די שלעכטסקייט און דער שמוץ, די פֿוילקייט און די אכזריות פֿון לעבען — זענען זיינע שונאים. יעדע שעה פֿון זיין לעבען פֿערברענגט ער אין מלחמה, און זיין לעבען איז פֿול מיט די שטאַרקסטע פֿריידען, מיט דעם שענסטען דאָרן און מיט אַ שטאָלצער עקשנות... שאַנעווא זיך ניט. — דאָס איז די שענסטע, די שטאָלצעסטע חכמה פֿון לעבען. לעבען זאָל דער מענש, וועלכער פֿערשטעהט ניט ווי זיך צו שוינען! עס זענען נור דאָ צוויי פֿאָרמען פֿון לעבען: פֿערפֿוילט אָדער פֿערברענט צו ווערען. האָזען-נאַטורען און בעלי-תאוות קלויבען אויס די ערשטע פֿאָרם, מענשען מיט גרויסע הערצער און פֿרייגיעביגע נאַטורען — די צווייטע; איטליכער וואָס ליעבט שענקייט ווייס גאַניץ קלאָר וועלכע פֿאָרם איז די פּראַכטיגערע.

די שטונדען פֿון אונזער לעבען זענען פּוסט און נודנע; לאָמיר זשע זיי אָנ-פֿיעלען, ניט שיינענדיג זיך, מיט שענע טהאַטען; און דעמאָלט וועלען מיר פֿערלעבען פּראַכטיגע שטונדען, פֿול פֿון פֿריידענפֿיעבער און פֿון ברענענדיגען שטאָלץ. לעבען זאָל דער מענש, וואָס פֿערשטעהט ניט ווי זיך צו שוינען.

# שרייבער־פאליטיקער און שרייבער־לעהרער.

---

(ענדע). *)

ווי ווייט אונזערע שרייבער זענען פון דעם וואס איך בעצייכען מיט דעם נאמען „שרייבער־לעהרער", בעווייזט אונז דער „וכוח", וואס איז ניט לאנג פארגעקומען צווישען דעם „פריינד" און „הצופה".

אין N. 539 האט „הצופה" געדרוקט א שעדליכען און שמוציגען ארטיקעל פון ברײנין.

ברײנין בעקלאגט אין איהם א נייעם מין פון יודישע ענונות וועלכע ער געפינט אין די אוניווערסיטעט־שטעדט אין מערב־איירופא. „ניט וועניג — זאגט ברײנין — איז זייער צאהל איצטער" און „עס איז א זינד — מיינט ער — ניט צו רעדען וועגען דעם". „יודישע טעכטער — זאגט ער נאך א קליינער הקדמה, אין וועלכע ער איז זיך מכין צו רעדען פיין און עדעל, ווי מען בעדארף רעדען וועגען אזא וויכטיגען און „עדעלען" ענין — אין די מזרח־לענדער שטרעבען נאך די מערב־לענדער. זיי ווילען לערנען, זיך בילדען און זיך אויסלערנען איינע פראפעסיע און זיי געהען נאך דעם אויסלאנד אין די אוניווערסיטעטען". „זיי האפען דארטען צו געפינען א נייע וועלט און נייע ארדנונגען". און זיי לערנען אלע זיעבען חכמות און אלע זיעבציג לשונות און זיי פהילאזאפירען טאג און נאכט אהן אויפהער און לויפען צו אלע אספות און ארבייטען אין אלע כלל־ענינים. זיי ווייסען ניט פון קיין רוהע; ארבייט, אדער, וואס זעהט אויס ווי ארבייט, איז שטענדיג פאראן. און א יאהר געהט אוועק און עס קומט אן אנ'אנדערעס, און די פהילאזאפהיע, און די מעדיצין, און די כלל־ארבייט ערפילען ניט און בעפריעדיגען ניט דעם גייסט, וועלכער דארשט נאך ליעבע. דער גייסט איז לעער, און די לופט־אידעאלען (!) זוכען פערקערפערט צו ווערען אין א לעבעדיגעם אידעאל, אין געשטאלט פון אליעבענדען מענשען, א מאן און א פיהרער. (בדמות אוהב, בעל ואדון.) און די נאטור פארדערט דאס איהריגע. ניט גוט איז צו לעבען איינזאם און אליין, בפרט נאך צווישען פרעמדע אין א פרעמד לאנד. די ערוואכסענע טעכטער ווילען ניט (!) בלייבען אויף עוויג אלטע יונג־פרויען, דאס הארץ פערלאנגט ליעבע און דאס לעבען פארדערט א ממש'דיגען אינהאלט. און „ער" איז ניטא, ווי אויף צו־להכעיס ניטא. אט דער „ער" פערלאנגט געלד. דער יודישער „ער" האט וויפיעל יאהר געהונגערט, האט צופיעל געליטען. דער יודישער „ער" איז א בעל תכלית. נדן שענקט ער ניט, ער וויל ניט און קען ניט שענקען. דער יודישער „ער" קען אויך קיין קאמפלימענטען ניט מאכען ווי געהעריג, ער איז צו פיעל „בטלן", ער האט ניט מיט וואס צו צוציהען צו זיך. און אז עס איז שוין גאר קיין האפנונג ניטא (!) ערשיינט „ער" אין אנאנדער געשטאלט, אין געשטאלט פון

---

*) זעה העפט II. 1905

אַ בולגאַר, פֿון אַ סערביער, פֿון אַן אַרמעניער, פֿון אַגרוזין, אין געשטאַלט פֿון איינעם פֿון די ניעדריגע, מינדערווערטיגע (פּחותים) און ווילדע שטאַמען (שבטים). און דער פֿרעמדער, גוי׳שקער, „בחור“ (!) רעדט גרויסאַרטיג און ערהאַבען וועגען פֿרייהייט און וועגען ליעבע. ער האָט ניט קיין מה, אָבער כח (!) האָט ער; ער האָט ניט קיין פֿערשטאַנד, אָבער אַ פֿויסט האָט ער; ער איז ניט קיין פֿילאָזאָף, אָבער ער איז אַמענש פֿון לעבען, און דער „בחור“ — צו ער איז יונג אָדער אַלט איז ניט נרוים די נפקא־מינה (!) — שאַרט זיך צו יודישע טעכטער, זאָגט זיי צו הרים וגבעות, ער איז זיי מוחל וואָס זיי שטאַמען פֿון יודען. אדרבה, ער האָט נאָך אַ געוויסע „שוואַכקייט“ צו יודישע טעכטער, זיי געפֿעלען איהם בעסער ווי אַנדערע (הוא מבכרן על פּני האחרות) ער איז פֿריי פֿון פֿעראורטיילען און ער מאַכט קיין אונטערשיעד צווישען רעליגיעס און אַבשטאַמונג. ער איז ניט געלד־גייציג. דעריבער וויל ער קיין נדן, ער יאָגט זיך ניט נאָך „יחוס“. און יודישע טעכטער וועלכע האָבען זיך בעפֿרייט פֿון פֿיעל פֿעראורטיילען, בעפֿרייען זיך אויך פֿון דעם פֿאָראורטהייל פֿון „זיי“ און „מיר“; אדרבה, „זיי“, נור זיי פֿערשטעהען צו ליעבען און צו עהרען די פֿרוי. און „זיי“ זענען פּראַקטישע מענשען. זיי האָבען ניט ליעב צו שפּיעלען לאַנגע צייט אַ פּלאַטאָנישע ליעבע און מאריך בדרוש זיין וועגען גייסטיגע פֿערוואַנדשאַפֿט. די בולגאַרען, די רומעניער, די אַרמעניער און דיעזער גאַנצער „ערב־רב“ זענען גרויסע פּשטנים.

דער סוף איז: יודישע טעכטער, און אונטער זיי זענען אויך דאָ טעכטער פֿון פֿרומע און נאָטספֿורכטיגע לייט. ווערען גענומען פֿאַר ווייבער צו גוים, מיט בירגער־ליכע קדושין, אָדער, ווי עס איז עפּ״י רוב, גאַר אָהן קדושין. ניט דאָס איז דער עיקר און ניט וועגען אַזעלכע קליינינקייטען, וועלכע זענען איבער געבליבען פֿון פֿאַרצייטיגע דורות, קימערט מען זיך. אַ מאַן איז אַ מאַן. דער עיקר איז — ליעבע, אַלעס אַנדערע איז נאָר אַ ביי־זאַך, וואָס איז גאָר ניט ווערטה.

און יודישע טעכטער לעבען: אין משך פֿון איינינע יאָהר ווערען זיי מאַמעס פֿון קינדער. די מאַמעס בלייבען יודענעס ווי געוועזען; די מטבע פֿערבייטען זיי ניט און עס זענען פֿאַראַן צווישען זיי פֿערברענטע נאַציאָנאַליסטקעס. אָבער די קינדער זענען געטױפֿט „כדת וכדין“, זייערע נעמען זענען בולגאַרישע און אַרמענישע.

און די טאַטעס?

נאָכדעם, ווי די יודישע טעכטער זענען געוואָרען זייערע ווייבער און מאַמעס פֿון זייערע קינדער, ווערט די פֿאָרשטעלונג אַנדערס.

דער נאָמען „יודעשקע“ געהט ניט אַראָב פֿון די גוי׳שקע טאַטעס מיילער, פֿון ליעבע איז קיין שפּור און קיין זכר ניטאָ. דער גאַנצער יאָך, די גאַנצע לאַסט פֿון לעבען, אַלע פּפֿליכטען, אַלע זאָרגען ליגען אויף די פּלייצעס פֿון די יודישע מאַמעס. און די גוי׳שקע מענער, פֿון די מינדערווערטיגע שטאַמען, האָבען ליעב צו טרינקען, און אַז זיי טרינקען זענען זיי ניט מדקדק אין די צאָהל פֿון די גלעזליך, און אַז זיי שכור׳ען זיך אָן שלאָגען זיי אָהן רחמנות די יודישע מאַמעס, שלאָגען מיט די הענד און בריקען מיט די פֿיס... (!) און די געוואָהנהייט צו שלאָגען ווערט ביי זיי ווי די צווייטע נאַטור. אין אַנפֿאַנג שלאָגען זיי מעהר ניט נור בשעת זיי זענען שכור און נאַכדעם שלאָגען זיי אויב זיי האָבען ניט וואָס צו טרינקען.

און די יודישע מאַמעס אַרבייטען און זענען עוסק אין אַלע מיני פּרנסות, כדי צו ערנעהרען זייערע קינדער און אַמאָל נאָך זייערע מענער אויך, אָדער זיי בעקומען געלד פון זייערע פרומע עלטערען, וועלכע ווייסען ניט פון זייערע טעכטער'ס „חתונה", און ערנעהרען מיט דיעזעם בלוטיגען געלד די קליינע און די גרויסע בולגאַרען. און נאָכדעם ווי די גרויסע בולגאַרען בעענדיגען זייער שטודיום, אָדער אַז דאָס שטודירען און זייערע יודישע ווייבער פּאַלען זיי צו לאַסט. פערלאָזען זיי מערב איירופא און קעהרען צוריק אין זייערע לענדער...

און יודישע טעכטער בלייבען פערלאַזענע און וויסטע עגונות. די טריט פון זייערע מענער ווערען אויף עוויג אָבגעווישט און מעהר ניט ווי די קליינע בולגאַרען אָדער אַרמעניער בלייבען ביי זיי"...

איך האָב מיר מיהע געגעבען צו איבערזעצען דעם גאַנצען „אַרטיקעל" אַזוי אַז עס זאָל בלייבען אין איהם אַלעס גראָבע און שמוציגע, וואָס איז אין איהם פאַראַן און עס זאָל ניט אריינקומען מעהר גראָבהייט און שמוץ, וואס איז אין איהם ניט פאַראַן.

ברייניך'ס „אַרטיקעל" מאַכט אויף יעדען מעהר אָדער וועניגער ענטוויקעלטען לעזער אַ שרעקליכען איינדרוק, און אַנ'אַנשטענדיגע צייטונג, ווי דער „הצופה" וויל זיין, האָט אַזאַ אַרטיקעל ניט בעדאַרפט דרוקען. עפּיס זעהט אויס, אַז ברייניך האָט אויסגעזוכט אַלעס שמוציגע און גראָבע, וואָס מענשען קענען נור אויסטראַכטען, און האָט עס אונטערגעטראָגען דעם יודישען לעזער. אויף די גראָבהייטען ברייניך'ס אין דיעזעם אַרטיקעל איז ניט דאָ דער אָרט איינצוגעהען. איך האָב אין דער איבערזעצונג איינינגע גראָבהייטען אַנגעמערקט מיט אויסרופונגס צייכען. דאָס מעג דיענען אַלס מאַטעריאַל פיר דען קינפטיגען קריטיקער ברייניך'ס, צו פערשטעהן ווי פיעל איז ביי דעם מאָדערנעם שרייבער ברייניך אמת'עס פיינגעפיהל און ווי פיעל געמאַכטעס און געקינסטעלטעס. איך וויל אויך ניט אונטערזוכען, ווי טיעף ברייניך פערשטעהט דעם יודישען שטודענט, ווען ער האָט קיין אַנדערע ערקלערונגען ניט געפונען צו דעם וואָס ער וויל אויספיהרען אין זיין אַרטיקעל, ווי דאָס, אַז דער יודישער שטודענט איז אַ „בעל-תכלית" און וויל ניט חתונה האָבען אָהן נדן. איך וויל נור בעטראַכטען דאָס פאַלשע און שעדליכע אין ברייניך'ס אַרטיקעל.

שרעקליך פאַלש און שעדליך איז דאָס וואָס ברייניך זאָגט איבער די ניט יודישע שטודענטען און איבער די קליינע פעלקער. די ניט-יודישע שטודענטען זענען, ווי ברייניך זאָגט, אַלע שכורים און סקאַנדאַליסטען, טרינקען און שלאָגען זיך, — דאָס איז זייער ערשטע אָדער צווייטע נאַטור. די בולגאַרען, די סערביער, רומעניער, אַרמעניער א. ז. וו. זענען ניעדריגע, מינדערווערטיגע און ווילדע שטאַמען... אַזאַ מין פזמון איז אונז בעקאַנט. אַזוי רעדען פיעלע מענשען פון די פרעמדע פעלקער וועגען אונז און מיר רופען דאָס — אַנטיסעמיטיזמוס. און איצט קומט אונזערער אַ מאָדערנער „איירָאָפּעאישער" שרייבער און פיהרט דענזעלבען באַרבאַרישען גייסט צו אונז אַריין. אַזאַ מין „איירָאָפּעערטהום" מוז מען אויסראָטען גלייך ווי ער בעווייזט זיך. ער איז אונמענשליך און ניט יודיש. דאָס יודענטהום קענט ניט קיין ווילדע שבטים. אויסער די וועלכע היטען ניט די „שבע מצוֹת פון די בני-נח". שנאה צו אַנדערע פעלקער, אַנטי-גוי-איזם איז ביז איצט ביי אונז ניט געוועזען. געוויס, די שנאה פון אַנדערע

צו אונז האָט געמוזט אין אונז אַרויסרופֿען אונצופֿריעדענהייט. מיסטרויען געגען די
פֿרעמדע, און אין פֿאָלק קענען זיך אפשר ווייזען סמנים פֿון שנאה צו אַנדערע, פֿון
אנטיגויאיזם. אָבער די העכערע קלאַסען, די יודיש געלערנטע, אָדער די אַלגעמיין
געבילדעטע האָבען אַלעמאָל נעוואוסט און די אַנדערע דערמאַנט, אַז אַלע פֿעלקער
זענען פֿון איין גאָט בעשאַפֿען. ביז איצט האָט אונז דער פֿינסטערע גלות געבראַכט
דערצו, אַז עס געפֿינען זיך יודען, וועלכע געהען איבער צו אונזערע שונאים און
ווערען אַנטיסעמיטען. אבער יודען, געלערנטע, געבילדעטע, זאָלען איבערנעהמען פֿון
אונזערע שונאים זייער ווילדען גייסט און איהם וועלען איינפֿלאַנצען ביי אונז אַלס
פֿערקעהרטען אַנטיסעמיטיזם, אַלס אנטיגויאיזם, — דאָס האָבען מיר נאָך ביז איצט
ניט געהאַט. און ברייניןʼס אַרטיקעל איז אנגעפֿולט פֿון דיעזעם באַרבאַרישען, ווילדען
אַנטיסעמיטישען, אין דיעזעם פֿאַל — אַנטיגויʼשען גייסט...

פֿאַלש און שעדליך איז דאָס ציעל פֿון ברייניןʼס אַרטיקעל. די איינציגע
ווירקונג, וואָס אַזאַ אַרטיקעל קען האָבען איז דאָס, אז די עלטערען פֿון די יונגע
יודישע טעכטער זאָלען זייערע טעכטער מיט גוואַלד האַלטען ביי זיך און ניט לאָזען
פֿאָהרען שטודיערען. קיין אַנדער ווירקונג קען ער ניט האָבען. דער אָרט וואו ער
איז געדרוקט, די שפּראַך און דער טאָן פֿון דעם אַרטיקעל מאַכען פֿאַר אונמעגליך
אַז די יודישע טעכטער זאָלען זיך פֿון איהם עפּיס אָבלערנען, וואָס עס זאָל זיי
אָבהאַלטען פֿון וועלען חתונה האָבען מיט ניט־יודען. דער אַרטיקעל קען אויך ניט
האָבען די ווירקונג, אַז די עלטערען זאָלען געפֿינען וועלכע עס איז אַנדערע אַנ־
שטענדיגע, ווי פֿיעל עס איז בעפֿריעדיגענדע פּראָפּעסיעס, כדי די טעכטער זאָלען
זיך ניט רייסען שטודיערען. די אָרעמע עלטערען זוכען סיי ווי מיטעל דערצו, אַז
זייערע טעכטער זאָלען זיך צופֿריעדען שטעלען מיט וואָס עס איז אין דער היים און
ניט וועלען פֿאָהרען שטודיערען. אָבער זיי האָבען ניט מיט וואָס זיי צופֿריעדען צו־
שטעלען. די אונצופֿרידענהייט פֿון די פֿרויענצימער שטייגט פֿון טאָג צו טאָג אויך
ביי אַנדערע פֿעלקער. זיי זענען ניט מעהר צופֿריעדען מיט זייער מצב אייביג צו זיין
אבהענגיג פֿון אַנדערע: אָדער פֿון טאַטע־מאַמע אָדער פֿון דעם מאַן. ביי אונז יודען
איז די אונצופֿריעדענהייט גרעסער, ווייל די אַבהענגיגקייט איז גרעסער, ווייל זיי
האָבען וועניגער ווי ביי אנדערע פֿעלקער די מעגליכקייט זעלבסטשטענדיג צו זיין.
די יודישע מאַנסבילען האָבען אויך ניט קיין בעשעפֿטיגונג גענוג און וואַנדערן פֿון
שטאָדט צו שטאָדט, פֿון לאַנד צו לאַנד ווי עס איז צו מאַכען אַ לעבען. אין דער
היים איז ניטאָ וואָס צו טהון און ווי צו לעבען. און די יודישע טעכטער מוזען אויך
וואַנדערן. עס וואַנדערן יונגע יודישע מיידליך אין פֿרעמדע שטעדט און פֿרעמדע
לענדער צו פֿערדיענען דאָס שטיקעל שוואַרצע ברויט. צו אַרבייטען אַלס דיענסט,
אַלס נעטערין אַלס פֿאַבריק־אַרבייטערין און עס וואַנדערן אַנדערע, וואָס דאָס
שטיקעל ברויט פֿעהלט זיי דערווייל נאָך ניט, כדי צו פֿערזאָרגען זיך אויף שפּעטער,
כדי צו ווערען מענשען, כדי ניט צו זיצען עוויג אויף דעם האַלז ביי די עלטערען.
דיעזע אַנדערע פֿאָהרען אין אַנדערע שטעדט „זיך לערנען" אָדער זיי פֿאָהרען אין
אויסלאַנד שטודירען. עס קענען פֿיעלע אידעאַליסטען מיינען, אַז נור דער דראַנג צו
בילדונג טרייבט אונזערע טעכטער צום שטודיערען; עס קענען אַנדערע פֿהיליסטער
מיינען, אַז נור די מאָדע טרייבט די עלטערען צו שיקען זייערע מיידליך אין גימנאַזיום

און דיזעלבע מאָדע טרייבט אויך די מיידליך פֿון גימנאַזיום אין די אוניווערסיטעט; עס קען זיין אַז אין פֿיעלע פֿעלען שפּיעלט אין אמת'ן דער ריינער אידעאַליסטישער דראַנג צו בילדונג אַ גרויסע ראָלע און אין אַנדערע פֿעלען שפּיעלט די מאָדע די הויפּטראָלע; בכלל אָבער איז די אמת'ע אורזאַכע פֿון דיזעס לויפֿען שטודירען — דאָס, וואָס עס איז ניטאָ קיין אַנדער זאַך וואָס צו טהון. יעדער מענש וויל זיין וואָס עס איז און וויל טהון וואָס עס איז. און ניט אַלע קענען זיין דיענסטמיידליך און פֿאַבריקאַרבייטערקעס. און קיינע עלטערען קענען ניט אַוועקגעבען איהרע טעכטער אין די פֿאַבריק אָדער אין אַ פּרעמדעס הויז אַלס דיענסט. בעת זיי האָפֿען זיי צו עטוואס בעסערעס צו ערציעהען. אָבער דיזעס „עטוואס בעסערעס" איז ניטאָ אין דער היים. דאָס בעסטע, וואָס דאָס רוב, ניט גאַנץ אָרעמע עלטערען קענען, איז: האַלטען די טעכטער ביי זיך אין דער היים ביז. „עס וועט זיך מאַכען אַ גוטער שדוך". אָבער די טאָכטער, וועלכע איז שוין אַביסעל געבילדעט און פֿיהלט זיך אַלס מענש, וויל אַליין „וואָס עס איז זיין" און „וואָס עס איז טהון", זי קען זיך ניט צופֿריעדען שטעלען מיט זיצען צוזאַמענגעלענט די הענד און וואַרטען אויף אַ חתן. און דעריבער רייסט זי זיך פֿון דער היים — נאָך דעם אויסלאַנד אין די אוניווערסיטעט. און די עלטערען גיעבען נאָך, ווייל זיי געפֿינען ניט קיין בעשעפֿטיגונג פֿיר דער טאָכטער אין דער היים, ווייל אין אונזער מצב קען די פֿרוי, ווען זי וויל אַליין „וואָס עס איז זיין" נור ווערען אָדער אַ דיענסטמיידעל און דערגלייכען, אָדער אַ שטודענטקע, אויב זי האָט די נעטהיגע בילדונג דערצו.

דער אַרטיקעל פֿון בריינין קען אַלזאָ נור די ווירקונג האָבען, אַז די עלטערען וועלכע זענען ווילענדיג אָדער ניט ווילענדיג מסכים, אַז זייערע טעכטער זאָלען פֿאָהרען שטודירען, דאָס די עלטערען זאָלען מורא האָבען צו לאָזען זייערע טעכטער שטודירען, דאָס זיי זאָלען זיי ניט אָב־לאָזען פֿון דער היים; און עס ווייזט אויס, אַז דאָס האָט בריינין געוואָלט מיט זיין אַרטיקעל. אַזאַ צוועק איז אָבער פֿאַלש, און אַזאַ ווירקונג איז שעדליך. דער צוועק פֿון ליטעראַטור דאַרף נור זיין אויפֿצוקלערען די מענשען, ווי צו לעבען, ווי זיך צו פֿיהרען. און אפילו די שריפֿטשטעלער־פּאָליטיקער, וועלכע זוכען מעהר צו ווירקען אויף די מענשען, זיי צו געווינען, זיי איינצורעדען, דאַרפֿען נור ווירקען אויף די מענשען אין דעם וואָס איז נוגע צו זיי אַליין, ניט אבער אין דעם וואָס עס איז נוגע צו אַנדערע מענשען. די אַרבייט אויפֿ־צוקלערען איין טייל פֿון די מענשען, ווי זיי זאָלען זיך בענעהמען מיט דעם אַנדערען טייל פֿון מענשען נעגען דעם ווילען פֿון דיזעם אַנדערען טייל, די אַרבייט אויפֿצו־ווייזען איין מענשען, אַז ער זאָל דעם אַנדערען מענשען צווינגען צו וואָס עס איז, ניט פֿריי לאָזען טהון וואָס ער וויל, דיזע אַרבייט געהערט דער פּאָליציי, אָבער ניט דער ליטעראַטור. און דערוואַקסענע קינדער זענען אויך מענשען, וואָס דאַרפֿען אַליין האָבען אויף זיך אַ דעה. און עלטערען האָבען ניט דאָס רעכט זייערע דערוואַכסענע קינדער צו צווינגען צו עטוואס. פֿילמעהר זענען די עלטערען מחויב צו העלפֿען זייערע קינדער אין דעם, וואָס די דערוואַכסענע, אַלזאָ נאָך די יאָהרען זעלבסט־שטענדיגע און נור נאָך די מיטעל צום לעבען ניט זעלבסטשטענדיגע, קינדער געפֿינען פֿאַר זיך גוט.

אָבער אויסערדעם, וואָס די עלטערען האָבען קיין רעכט ניט צו לאָזען זייערע

טעכטער פֿאָהרען שטודירען און אויב זיי האָבען נור די מעגליכקייט זענען זיי מחויב צו שטיצען זייערע קינדער, האָטש זיי, די עלטערען, געפֿינען דאָס שטודירען ניט פֿאַר גוט, אויסערדעם איז אַזאַ ווירקונג נאָך שעדליך. דאָס יודישע עלענד, וועלכעס ליעגט אין אונזער אַלגעמיינען מצב פֿאָרדערט און נעהמט זיינע אָפּפֿער פֿון אונז און מיר קענען זיך פֿון איהם ניט בעהאַלטען. נויט, הונגער, אונעהרליכקייט, צולאָזענהייט, הפקרות ביז — פּראָסטיטוציע, בעגעגנען אונזערע טעכטער וואו זיי שטעהען און וואוהין זיי געהען. און די יעניגע טעכטער, וועלכע לערנען זיך און פֿאָהרען שטודירען זענען די גליקליכסטע פֿון אַלע. זיי האָבען אויך פֿיעל צו ליידען; עס קען זיין אַז אַ געוויסער טייל פֿון זיי ווערט אויך אונטער דעם איינפֿלוס פֿון לעבען אין דער פֿרעמד, אַנדערס ווי מיר ווילען, אָבער אַזעלכע געפֿאַהרען, קערפּערליכע און גייסטיגע, וועלכע ערוואַרטען אין לעבען די איבריגע יודישע טעכטער, די דינסטמיידליך, די נעטהערקעס, די פֿאַבריק־אַרבייטערקעס און אויך די בעל־הבת׳ישע מיידליך וועלכע זיצען צוזאַמענ־געלעגט די הענד, געהען שפּאַצירען, לייענען ראָמאַנען און וואַרטען אויף אַ חתן, אַזעלכע געפֿאַהרען זענען אין לעבען פֿון דער יודישער שטודענטקע ניטאָ. בנוגע צו אָרדענטליכקייט און פֿרויען־זיטליכקייט איז גראָד דאָס שטודיען־לעבען דאָס בעסטע און זיכערסטע. און ניט־לאָזען די טעכטער פֿאָהרען שטודירען הייסט: ניט לאָזען זיי נעהמען אַזאַ וועג אין לעבען, וואו עס איז וועניגער מורא צו האָבען טאָמער ווערען זיי פֿערדאָרבען. און איבער־געוואַלד טרייבען זיי אַהין, וואו מען בעדאַרף מ ע ה ר מורא האָבען, וואו מיר זענען ניט זיכער אפילו, טאָמער ווערען זיי — פּראָסטיטוטקעס.

דאָס איז דאָס פֿאַלשע און שעדליכע אין בריינין׳ס אַרטיקעל און דאַרויף האָט מען איהם בעדאַרפֿט ענטפֿערען, אויב מען וויל דעם לעזער ב ע ל ע ה ר ע ן. דערצו האָט מען זעלבסטפֿערשטענדליך אָבער בעדאַרפֿט רעדען וועגען דאָס, וואָס בריינין בעשולדיגט „ניט וועניגע" פֿון די יודישע שטודענטקעס, וועגען „חתונה האָבען מיט גוים" מיט בירגערליכע קדושין און וואו עס איז עפּ״י רוב, „אָהן בירגערליכע קדושין" ווי בריינין זאָגט.

מען האָט בעדאַרפֿט אַרויסזאָגען די אייגענע מיינונג אויב אַזאַ זאַך איז גוט אָדער שלעכט און אויב דאָס איז שלעכט, ווי ווייט דאָס איז שלעכט. דער יודישער המון ווייסט כמעט ניט אַז אין „צניעות" און ניט־צניעות איז אויך פֿאַראַן מדרגות, וועניגער שלעכט און מעהר שלעכט; דער יודישער המון האָט איבערהויפּט אַ פֿאַלשע און אַ שלעכטע מיינונג איבער די פֿראַגען וואָס זענען נוגע צו צניעות. עס פֿעהלט איהם אפילו כמעט דער בעגריף פֿון „בירגערליכע קדושין". „חתונה" אָהן אַ רב אָדער, להבדיל, אָהן אַ גלח פֿערשטעהט ער ניט; דאָס איז שוין ביי איהם הול־טייסטוואָ, הפקרות, פּריצות. דאָס גוטע, נויטהיגע געפֿיהל פֿון צניעות איז אַזוי פֿער־וואַקסען מיט די פֿ אָ ר מ ע ן פֿון צניעות און מיט דער רעליגיע, אַז דער המון מיינט, אַז וואו עס זענען ניטאָ די פֿ אָ ר מ ע ן, דאָרטען איז דער אינהאַלט, די צניעות, אויך ניט דאָ. אַז אַ יודישע טאָכטער שמד׳ט זיך און האָט חתונה מיט אַ קריסט האַלט מען זי פֿאַר אַ משומד׳עסטע, אָבער ניט פֿאַר אַ מופקרת; און אַז אַ יודישע טאָכטער טויפֿט זיך ניט און האָט חתונה מיט אַ קריסט, האַלט מען זי פֿאַר אַ מופקרת, ווייל דער המון פֿערשטעהט ניט, אַז מען קען חתונה האָבען אָהן אַ רב און אָהן אַ גלח.

און רעדענדיג וועגען בריינין'ס אַרטיקעל האָט מען דעריבער אויך געמוזט רעדען. אָבער אַזוי רעדענדיג וואָלט מען גאָר ניט אויסגעפּיהרט; אַזוי רעדענדיג וואָלט מען ניט געקענט מבטל זיין די שלעכטע ווירקונג פון בריינין'ס אַרטיקעל, ווייל מיט איין מאָל רעדען איז אונמעגליך מבטל צו זיין מיינונגען און געפיהלען, וועלכע האָבען זיך איינגעוואורצעלט אין די מאַסען. ביי דעם יודישען לעזער וואָלט געבליעבען, אַז בריינין איז גערעכט, אַז די וואָס רעדען געגען בריינין זענען געגען צניעות, געגען רעליגיע א. ז. וו., א. ז. וו. און די שלעכטע ווירקונג פון בריינין'ס אַרטיקעל וואָלט געבליעבען. דורך אויפקלערען, בעלעהרען איז אונמעגליך געוועזען מבטל צו זיין די שלעכטע ווירקונג. וואָס'זשע זאָל מען טהון? און דאָ האָט דער „פריינד“ בעוויזען זיין טאַלענט צו רעדען, ווי אַ שרייבער־פּאָליטיקער. — עס איז אַ שמוציגע ליגען, וואָס בריינין זאָגט אויף אונזערע שטודענטקעס! בריינין איז אַ יודישער מעשטערסקי! ער זאָגט אַז דאָס לערנען ווערט זיי „נמאס“, אַז זיי לויפען נאָך די מאַנסבילען כמעט ווי די אַלע, וואָס ער בעגעגענט נאַכט־נעכטליך אויף דער פריעדריך שטראַסע א.ד.ג. אין בערלין“.

אָבער וואו, וואָס, ווען? וואו האָט בריינין געזאָגט, אַז די יודישע שטודענטקעס ווערט דאָס לערנען נמאס? ווען האָט ער געזאָגט, אַז זיי לויפען נאָך די מאַנסבילען? וואו געפינט דער „פריינד“ האָטש איין וואָרט אין דעם אַרטיקעל פון בריינין, וואָס זאָל פערגלייכען וועמען עס איז און ווי פיעל עס איז פון די יודישע שטודענטקעס מיט די וועלכע געהען אַרום נאַכט־נעכטליך אויף פריעדריך־שטראַסע אין בערלין?

דיעזען פערגלייך האָט דער „פריינד“ געמאַכט, נור ניט בריינין און ניט „הצופה“. „הצופה“ האָט פיעל־מעהר געהאַט דען מוטה צו ערקלערען, אַז פון הפקרות, פון ניט־צניעות איז דאָ גאָר ניטאָ וואָס צו רעדען, אַז אויב עס זענען פאַראַן אַזעלכע וואָס האָבען חתונה מיט גוים קען מען זיי פעראורטהיילען נור פון רעליגיעזען און נאַציאָנאַלען שטאַנדפונקט, אָבער ניט פון שטאַנדפונקט פון צניעות און מוסר; אַנדערס אויסגעדריקט: אַז מיר האָבען קיין גרונד ניט אַזעלכע צו האַלטען פיר אויסגעלאַסענע און פאַר פרוצות, ווייל אין צניעות זענען זיי ניט נידריגער, ווי אַלע כשר'ה יודישע טעכטער און ווייבער; און דער „פריינד“ האָט געהאַט דען מוטה זיך צו מאַכען ניט פערשטעהענדיג, ווייל דאָס רוב לעזער זיינע פערשטעהען ניט דעם אונטערשיעד. און ער האָט „הצופה“'ס ווערטער אַזוי ערקלערט, ווי ער וואָלט געזאָגט, אַז דאָס איז טאַקע אַביסעל (אָדער אַפולע?!) אויסגעלאַסען, „נור וואָס זאָל מען טהון, אַ מענש, און בפרט אַ אשה איז דאָך מעהר ניט ווי אַ בשר ודם“...

און ווי באַלד אַז אַזוי, איז דעם „פריינד“ ניט אַנדערעס איבריג געבליעבען, ווי צו פאָרדערן פון בריינין און פון „הצופה“, אַז זיי זאָלען בעווייזען מיט ריכטיגע ראיות דאָס וואָס זיי זאָגען. פערשטעהט ניט דער „פריינד“, אַז אַזעלכע זאַכען קען מען ניט בעווייזען, ווייל אויב עס זענען אפילו פאַראַן אַזעלכע מעשיות און מען מעג רעדען וועגען זיי אין אַלגעמיין, האָט דאָך פון דעסטוועגען קיינער ניט דאָס רעכט אָנצורופען מענשען מיט די נעמען און אַרויסשלעפּען זייער פריוואַט־און פאַמיליען־לעבען אויפ'ן גאַס?!

געוויס, מיר קענען פעראורטהיילען די אַרט, ווי בריינין זאָגט דאָס, וואָס ער זאָגט. „ניט ווייניג זענען דאָ אַזעלכע“ — זאָגט ער. „ניט ווייניג“ איז אָבער אַנ'אונבע־

שטימטער אויסדרוק, ווי פיעל? וואָס פאַר אַ פּראָצענט אַנ'ערך? — דאָס בעדאַרף ברײנין װעניגסטענס זאָגען. ברײנין רעדט אַזוי, אַז קײנער קען איהם ניט אָבלײקענען. אפילו דער וואָס ווייסט גאָר ניט פון אַזעלכע מעשיות קען אויך ניט בעהויפּטען, אַז ברײנין זאָגט לחלוטין אַ ליגען. „לא ראינו אינו ראיה": „ניט געזעהען" איז קיין בע-וויז ניט, אַז עס איז ניטאָ וואָס צו זעהען. מען קען נור זאָגען, אַז אויב אפילו עס זענען פאַראַן אַזעלכע מעשיות זענען זיי זעהר וועניג. ווארום ווען עס וואָלט גע-וועזען פיעלע אַזעלכע מעשיות, וואָלטען אַלע געוואוסט. אָבער פאָרדערן פון ברײנין אַז ער זאָל בעווייזען, אַז ער זאָגט אמת, קען מען ניט. און אויב דער „פריינד" טהוט דאָס, איז עס מעהר ניט, ווייל ער פיהלט די נויטהינקייט מבטל צו זיין די שלעכטע ווירקונג פון ברײנין'ס אַרטיקעל און עס אַרט איהם ניט מיט וועלכע מיטעל, מיט ריכטיגע און גערעכטע אָדער מיט ניט ריכטיגע און אונגערעכטע, כדי פערבעסערען דאָס, וואָס ברײנין האָט געוואָלט פערדערבען.

אָדער אפשר מיינט טאַקע דער „פריינד", אַז אַזעלכע יודישע טעכטער וואָס האָבען חתונה מיט גוים, מיט בירגערליכע קדושין אָדער אָהן קדושין, זענען ווי גע-שמד'ט, אָדער ערגער ווי געשמד'ט, אַז זיי זענען מופקרות, אויסוואורפען, און מען מעג זיי בעהאַנדלען ניט ווי מענשען, מען מעג זיי אַרויסשלעפּען אויף'ן מאַרק, אַז אַלע זאָלען זיי שפּייען אין צורה?!

איך רעכען, אַז דער „פריינד" איז ווייט פון אַזאַ „מיינונג"; אלא וואָס?—בעת אַ שרייבער געהט אַרויס פון זיין ראָלע, הערט אויף צו זיין אַ לעהרער און ווערט אַ פּאָליטיקער, אַ פיהרער, פערגעסט ער מאַנכמאָל זיינע אייגענע „מיינונג". „פערפיהרט" זיך אַליין און רעדט אַזוי, אַז ווען אַנ'אַנדערער וואָלט אַזוי גערעדט, וואָלט ער דער ערשטער געוועזען געגען.

און אין דעם פונקט זענען די אַרטיקעל פון „פריינד" פאַלשער און שעדליכער ווי די אַרטיקעל פון „הצופה", אפילו ווי דער אַרטיקעל פון ברײנין. דער „פריינד" האָט פערגליכען אַזעלכע וואָס האָבען חתונה מיט גוים מיט די וועלכע מען בעגעגענט נאַכט-נעכטליך אויף פריעדריכסשטראַססע אין בערלין! ער האָט דאָס געטהון ניט ווילענדיג, ער האָט דאָס געטהון ווייא אַפּאָליטיקער, ווייל האָט געוואָלט מבטל זיין די שלעכטע ווירקונג פון ברײנין, אָבער ער האָט דאָס דאָך געטהון, און דאָ האָט ער זיך געצייגט ווייא אַ שלעכטער פּאָליטיקער. די אַרטיקעל פון „פריינד" זענען שעדליך ניט נור טהעאָרעטיש ווייל זיי אונטערשטיצען די פאַלשע מיינונג פון המון איבער צניעות און אויסגעלאַ-סענהייט, די אַרטיקעל פון „פריינד" קענען אויך האָבען אונמיטעלבאַר אַ שעדליכע ווירקונג. די שרייבער פון די אַרטיקעל אין „פריינד" קענען ניט זעכער זיין, אַז עס זענען לגמרי גאָר ניטאָ, אַזעלכע וואָס האָבען חתונה מיט גוים אין שיידען זיך נאָכדעם פון זייערע מאַנער. אָבער אויב עס זענען פאַראַן אַזעלכע, בעדאַרף מען זיי בעהאַנדלען ווי עהרליכע פרויען, און אויב זיי זענען געבליבען יודענעס בעדאַרף מען זיי בעהאַנדלען ווי יודישע עהרליכע פרויען. די עלטערען זייערע דאַרפען זיי ניט אָבשטויסען פון זיך, זיי בעדאַרפען זיי צוריק נעהמען צו זיך. איך רעכין, אַז ברײנין וועט אויך ניט אַנדערס זאָגען, און די אַרטיקעל פון „פריינד" זענען מסוגל צו מאַכען אַזאַ ווירקונג, אַז אויב עס זענען פאַראַן אַזעלכע, זאָלען זייערע עלטערען זיי בעטראַכטען ווי „צולאָזענע", ווי מופקרות, ווי די „וועלכע לויפען אַרום נאַכט-נעכטליך אויף פריעדריכס-שטראַסע",

אַז זייערע עלטערען זאָלען זיך פון זיי מיאש זיין, זיי זאָלען זיך אָבזאָגען פון זיי אויף אייביג. אויב עס געפינען זיך אַזעלכע, בעדאַרף מען וויסען, אַז בנוגע צו צניעות און עהרליכקייט זענען זיי ניט נידריגער ווי אַלע עהרליכע יודישע טעכטער און קיינער האָט דאָס רעכט זיי אָבצושטויסען פון זיך, אַרויסצושטויסען פון דער עהרליכער יודישער געזעלשאַפט, ניט אַלע וויסען דאָס. זעהר פיעלע פון אונזער פינסטערן המון זענען פעהיג אַזעלכע אָבצושטויסען פון זיך, און דער „פריינד" מיט זיינע אַרטיקעל האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון פינסטערן המון. ער האָט דאָס געטהון ניט ווילענדיג, אָבער ער האָט דאָס דאָך געטהון...

גליקליך איז דאָס פאָלק, וועלכעס האָט שרייבער לעהרער און וועה איז צו דעם פאָלק, וועלכעס האָט נור שרייבער פאָליטיקער...

בערן. **א. מ. בארוכאוו.**

# אַ לַאנְד.

(נאָך מ. לֶערְמָאנְטָאוו).

(Посвящается С. А.)

אַז שְׁפָּאט פון אַלֶע זַייטֶען, שַׁאנְד
פֶּערְ'סַם'עֶן מִיר מַיין בְּלוּט –
דֶערְמָאהְן אִיךְ זִיךְ אָן ווַייטֶען לַאנְד,
און סְ'וֶוערט מִיר פְרֶעהְלִיךְ, גוּט.

פַאר דֶעם גֶעדַאנְק צוּגֶעהֶען זִיךְ
דִי גְרֶעסְטֶע לַיידֶען, שְׁמֶערְץ;
און סְ'הוֹיבְּט אָן מוּטְהִיג פְרֶעהֶען זִיךְ
מַיין אָנְגֶעוֶועהְטָאגְט'ס הֶערְץ.

און אִיךְ וֶוער בַּאלְד אַנְ'אַנְדֶערֶער,
כְּ'פֶּערְגֶעס בַּאלְד גָאר אַלְצְדִינְג;
מִיר דַאכְט: אִיךְ בִּין אוֹיס וַואנְדֶערֶער — — —
ווִי גְרִינְג, אַךְ סְ'וֶוערְט, ווִי גְרִינְג!

אֶפְרַיִם פוּקְסָאן.

# לכבוד די געסט...

(ערצעהלונג).

---

(ענדע). *)

— איהר האָט דאָ אין שטאָדט פאַמיליע? — האָט זיך דערווייל אויפגעהאפּט קראשינסקי און האָט די שטילקייט ווידער איבערגעריסען, ווענדענדיג זיך צום עלטער'ן ברודער.

— ניין, — ענטפערט ער מיט אַ לייכטען זיפץ.

— האָט איהר קינדערלעך?

— דריי זאָלען געזונד זיין.

— און פון וואָסער שטעדטל זענט איהר?

— פון הארבונישעק.

— פון הארבונישעק? — האָט זיך קראשינסקי אויפגעהאפּט, ווי ער וואָלט אַ גרויסע „מציאָה" געפונען; — הער נור, רעגינע, זיי זענען דאָך אונזערע זעמליאַקעס, ס'הייסט, ד י י נ ע זעמליאַקעס פון הארבונישעק, ס'וועט זיך באלד דערגעהן אַ משפּחה.

קראשינסקי האָט דאָס ארויסגערעדט מיט אַ התלהבות'דיגען טאָן, געגען זיין געוועהנליכע אויסגעארבייטע קאַלטבלוטיגקייט, — טאָמער פאָרט וועט ער אביסעל אויפמונטערען די געסט, אַז זיי זאָלען זיך עטוואָס היימליכער פיהלען. עס איז איהם אָבער ניט געלונגען...

— פון וואַנען זענען זיי, פון הארבונישעק? נו, איז וואָס? — זאָגט אַרויס די מאַדאַם מיט אַ קאַלטען טאָן, גלייך ווי זי ווייסט ניט וואָס פאַר אַ שטעדטל דאָס איז.

— וואָס הייסט? ד י י נ ע זעמליאַקעס, דיין שטעדטעל.

— מיי—נע—„זעמ—ליאַ—קעס"?! — ציהט זי די ווערטער אזוי פערוואונדערט...

עס האָט איהר אַ פנים, ניט געפּאסט צו געפינען דאָ נייע זעמליאקעס. קראשינסקי האָט זי פערשטאַנען און איז אָפּגעקילט געוואָרען און האָט באלד אָפּגעקערט דאָס געשפּרעך אָן אַ זייט.

— ווי לאַנג זענט איהר פון אייער שטעדטעל?

— אָבער צו וואָס דאַרפסטו וויסען אזוינע זאכען, — רייסט זי איהם איבער, — בעט בעסער די געסט עפעס צו נעמען אין מויל אריין, ברכה מאכען.

---

*) זעה העפט III. 1905

— אויך גערעכט, — זאָגט ער מיט א שמייכעל, — וואָס זאָגט איהר — ניין? נעמט עפּעס טאקי, פֿארזוכט עפּעס, שעמט זיך ניט, איהר דארפֿט וויסען, אז בלומע רייזעל איז ביי אונז ווי אנ׳איינענע, ווי ביי זיך אין דער היים, איהר זענט געקומען צו איהר... בלומע רייזעל בעט זיי, זאָלען זיי עפּעס נעמען, דאָס איז דאָך דיין זאַך.

בלומע רייזעל האָט זיך עפּעס מאָדנע א שאָקעל געטהון אויף איהר אָרט, האָט לייכט א הוסט געטהון, האָט אָבער גאָר ניט געזאָגט, ווען איהרע בליקען האָבען גע־בלאָנדזעט מיט גרויס פֿערלעגענהייט איבער׳ן צימער. דער חתן פֿ־עגט איהר גאָר ניט, אליין ווייסט זי ניט מיט וואָס זאָל זי אָנהויבען, וואָס זאָל זי איהם זאָגען, אין קאָפּ איז איהר עפּעס אזוי פּוסט, ווי אין א חורבה א וואו דער ווינד בלאָזט נור...

— נו, וואָזשע וואַרט איהר? — זאָגט ווייטער קראשינסקי, נעמט עפּעס. פֿערזוכט עפּיס, מאכט ברכה... פֿארזוכט אָט די עפּעל, זיי זענען זעהר גוט.

— און דיך, בלומע רייזעל, דארף מען אויך בעטען? — זאָגט די מאַדאַם.

— איך דאנק אייך, איך דאנק אייך, —זאָגען ארויס די ברידער גלייך אין איין קול און נעמען די עפּעל, וואָס קראשינסקי האָט פֿאר זיי אוועקגעלעגט.

— איהר האָט עלטערען? — האָט דער ברודער א פֿרעג געטהון מיט א מאל בלומע־רייזלען, און דאס האָט אויסגעזעהען, ווי ניט ווילענדיג האָט זיך עס איהם פֿון מויל ארויסגעריסען...

זי איז אָבער געוועזן אזוי צומישט, אז זי האָט ניט געהערט וואָס מען האָט איהר געפֿרעגט.

— וואָס שווייגסטו, בלומע רייזעל, — גיט א זאָג קראשינסקי מיט א לייכט־שטרענגען טאָן: — מען פֿרעגט דאָך דיך עפּיס?

זי האָט אויפֿגעהויבען איהרע אויגען אויף דעם בעל־הבית, ווי א דערשראָקענע, האָט זיך בעגעגענט מיט דעם ברודערס פֿערזאָרגטע אויגען, האָט איהם אָנגעקוקט איניגע סעקונדען שווייגענדיג.

— דער הערר האָט דיך געפֿרעגט, צו דו האָסט עלטערן, וואָס ענטפֿערסט דו איהם ניט? — חזר׳ט איבער דער בעל־הבית.

— עלטער׳ן? ניין, איך האָב ניט, — האָט זי שטיל ארויסגעזאָגט, גלייך ווי פֿאר זיך אליין.

— און ברידער, אָדער שוועסטער האָט איהר? —האָט דער חתן א פֿרעג געטהון.

— הא? א שוועסטער האָב איך ערגעץ, כ׳ווייס אָבער ניט וואו זי איז, — האָט זי ווייטער געענטפֿערט עפּיס מיט א מין וויינענדיג קול.

און עס איז ווידער שטיל געוואָרען; ווידער האָט זיך געהערט דער שארפֿער טיק־טאק פֿונ׳ם זייגער.

— „זי קען גאָר א וואָרט ניט רעדען...״ איז דורכגעלאָפֿען א געדאנק דעם חתן אין קאָפּ, „זיי ווילען מיר דעם קאָפּ פֿערדולען...״ און ער האָט אָנגעשטעלט זיינע אויגען מיט חשד און עפּעס ווי מיט כעס אויף קראשינסקי׳ס ברילען, דורך וועלכע אָבער ער האָט גאָר נישט געקענט בעמערקען.

דבשה־חיה׳ן איז ארויף געקומען א געדאנק קומען זיי צו הילף. פֿערוויקלען חתן כלה אין א וועלכען ניט איז געשפרעך.

— לויבע, וויפיעל יאָהר איז שוין, אז דו ביסט דאָ אין ווּ.?—פרעגט זי דעם חתן.

— כ'וויים, א יאהר פינף, דאכט מיר.

— ניין, דו האָסט א טעות, — ענטפערט דער ברודער; — בשעת דו ביסט גע־קומען, געדענקסטו, איז אין א חודש ארום זלמן'קעס „ברית" געווען, און איהם איז מיט א חודש צוריק, איין וואָך נאָך סוכות, געוואָרען אקוראט זעקס יאָהר אָהן „עין־הרע". —

און ווי לאנג ביסטו, בלומע רייזעל, אין ווּ.? — פרעגט ווייטער דבשה חיה.

— כ'געדענק ניט אקוראט... א יאָהר צוועלף, א פנים.

— באמת דארף איך היינט „גומל" בענשען, — הערט זיך אין מיט'ן דעם דער מאדאם'ס פישצעדיג קול: — ווי איך בין אראָפּ פון די טרעפּ, דאָרטען ביי איך (זי קוקט אויף בתיה'ן) האב איך זיך א גליטש געטהון און שיער פון די טרעפּ ניט אראָפּגעפאלען... א גליק וואָס איך האָב זיך בעצייטען אנגעכאפּט אָן פארעניץ.

— דארפסט טאקי „דלת" בענשען... שמייכעלט קראשינסקי.

און עס איז ווידער געוואָרען שטיל. דבשה־חיה'ן איז ניט געלונגען צו פערבינ־דען חתן־כלה אין איין געשפּרעך, עס האָט זיך עפּעס ניט געקלעפּט, גלייך ווי זי וואָלט זיך מיט א מאָל גאָר פערגעסען צו רעדען. זי האָט זיך געפיהלט אזוי ווי זי וואָלט גע־ווען פערשפּאַרט ערגעץ אין א ענגען אָרט און קען זיך ניט א ריהר טהון, וויל א געשריי טהון און קען דאָס מויל ניט עפענען...

— „וואָס לאָזען ז י י אונז א וואָרט ניט אויסרעדען?"... געהט דורך דעם חתן א שאלה, און ער קומט צום בעשלוס, אז דאָ איז געוויס עפּיס ניט אזוי גלאַט, אלא ניט — טאָ וואָס זיצען ז י י דאָ, וואָס דורען זיי דעם קאָפּ?... וואָס, מען זעהט ניט, אז זי איז אַ... א גולם... און ז י י ווילען איהם פערדרעהען?...

און אין איהם וועקט זיך אויף אַ געדאנק — נעמען און אוועקגעהן.. ער וואָגט זיך נור ניט מיט א מאָל אויפהויבען פון אָרט...

— „וואָס האָט ער דאָ צו טהון? — וואָס זעהט ער ניט, וואָס דאָ איז?... וואָס א קינד איז ער? ער פערשטעהט ניט?..."

אָבער ווי זאָל ער זיך מיט א מאָל אויפהויבען און אוועקגעהן?... ווי זאָל ער דאָס טהון? וואָס פאר א פנים וועט דאָס האָבען? און ז י י וועלען דאָך איהם געוויס ניט לאָזען אויך.

— וואו איז יוטא? — רייסט איבער קראשינסקי די שטילקייט; — זאָל זי נאָר עפּעס שפּיעלען. — יוטא, א יוטא, קום נור אהער! — שרייט ער הויך.

— וואָס איז? ענטפערט יוטא.

— שפּיעל עפּעס ל כ ב ו ד ד י ג ע ס ט. „צערמאָניע" זיך נור ניט, לאָז זיך לאנג ניט בעטען און געה צום פאָרטעפּיאנא.

— וואָס זאָל איך שפּיעלען?

— אָט דאָס וואָס דו האָסט ניט לאנג געשפּיעלט אויפ'ן „אוראק", וואָס איז דאָס א „סערענאדא", צו וואָס —

באלד זענען די צימערן פול געוואָרען מיט פערשיעדענע ווייכע, סאמעטענע זיסע טענער, וועלכע זענען ווי א בוימאייל אריינגערונען אין דער נשמה... אלע זענען געזעסען שטיל און טיעף פערטראכט, עפּעס אזוי ווי פערדרעמעלטע אין אַ זיסען חלום. עס האָט זיך געדאכט, אַז נור יוטא אליין איז וואכעדיג. זי האָט געארבייט, „געברענט", איהרע

דינע לאנגע פֿינגערלעך זינען ווי בליצען איבער די קלאווישען געלאפֿען. און פֿון דאָר־טען האָבען זיך די זיסע קולות פֿאנאנדער געטראָגען איבער די ווינקעלעך פֿון אלע צימערען.

דער עלטערער ברודער האָט אויפֿגעעפֿענט אויגען און אויערען, האָט געקוקט, געהערט און נשתּומם געוואָרען: ווי ארבייט דאָס א שוואכע מיידעל אזוי גיך מיט די פֿינגער, וואו, גאָר ניט אין דעם ערך פֿיעל גיכער, איידער ער מיט דער נאָדעל... און נאָך וואָס פֿאר א „צוקעלעך״ „און דריידעלעך״ זי ארבייט דאָס אויס...

דבשה חיה האָט בשעת מעשה פֿארגעסען גאָר אין גאנצען, וואָס זי האָט דאָ צוטהון; זי האָט אפילו פֿארגעסען, אז מאָרגען איז זונטאָג און איהר פֿעהלט נאָך עט־ליכע קערבלעך צום מארק... זי זיצט מיט פֿערלייגטע הענד עפּעס גלייך ווי א פֿערגלי־ווערטע, מיט אפֿעסט פֿערשלאָסענעם מויל, מיט אָפֿענע ערענסטע אויגען, קוקט אין דער וועלט אריין און הערט... ניט זי פֿיהלט עפּעס, ניט זי טראכט עפּעס, נור זי הערט. איהר גיט זיך נור אָפּ צייטענווייז, אז אין דער לופֿט שווימט עפּעס ארום, א מין פֿער־באָרגענע בעשעפֿענישען, אָדער ווי מלאכים וואָלטען דאָ דורכגעפֿלויגען און מיט זייערע פֿליגעל די לופֿט געשניטען... דאן גיט זי א בלינק מיט איהרע אויגען... זי הערט, הערט און אויפֿ׳ן געדאנק קומט איהר ארויף — „גאָט דער פֿאָטער פֿון אברהם...״

אָנגעשפּארט אויפֿ׳ן טהיר, מיט איין פֿוס פֿערלייגט אויף דער צווייטער, שטעהט הענרי, דער גימנאזיסט. אין האנד האלט ער, מיט א פֿערלייגטען פֿינגער אין מיטען, א ביכעל, מיט וועלכען ער האלט דאָס האלב פֿון זיין פּנים פֿערדעקט. ער קוקט אויף יוטע׳ס פֿינגער, ווי זיי לויפֿען איבער די קלאווישען און הערט זיך צו מיט גרויס אויפֿמערקזאמקייט.

ווייניגער ווי אלעמען אינטערעסירט דאָס שפּיעלען נור — דעם חתן. ער זיצט און קוקט עפּעס ווי א ברוז׳דיגער, אזוי ווי מען וואָלט איהם מיט עפּעס בעליידיגט...

— וואָס בעווייזט ער מיר דאָ, — טראַכט ער בשעת מעשה, — וואָס ער איז אַ קאַפּיטאַליסט?.. אַ, איך קאָן זיי גוט די קאַפּיטאַליסטען...

און דער געדאַנק, אַז דאָ איז עפּיס ניט אַזוי גלאַט, וואַקסט אין איהם, וואָס ווייטער, אַלץ מעהר אין מעהר, און איהם האָט זיך שטאַרק געוואָלט אויפֿהויבען און אַוועקגעהן, ער ווייסט אָבער ניט, ווי זאָל ער דאָס טהון...

אַ שטאַרקער קלאַפּ אויף די קלאַווישען האָט איבער געריסען זיינע געדאַנקען. אין דער לופֿט האָט עפּיס אַ קלונג געטהון ווי אַ שווערער אבגעבראָכענער זיפֿץ, דאַן, נאָך איינינע סעקונדען, האָבען זיך די לעצטע טענער צורונען און אויסגעגאַנגען דאָרטען ערגיץ טיעף אונטער דעם פּאַרטאַפּיאַנאָ. און יוטע האָט זיך אָפּגעוואָרפֿען אויף דעם ריקען פֿון שטוהל.

— בראַוואָ, בראַוואָ, — האָבען אויסגעשריען טאַטע־מאַמע, בתיה מיט גיטלען קלאַפּענדיג מיט די הענד.

— נו, וואָס זאָגט איהר, מיינע הערען, וואָס זאָגט איהר דבשה חיה? — האָט קראשינסקי אַרויסגעזאָגט מיט אַ גליקליך צופֿריעדענעם געזיכט.

— זעהר שען, — זאָגט אַרויס שטיל אברמיל, שטאַרק פֿערשעמענדיג זיך.

— גאָט זאָל אייך געבען — האָט גענומען דבשה חיה שאָקלען מיט׳ן גרויסען שייטעל בלאָנדע האָר — אַז איהר זאָלט דערלעבען אין גיכען הערען, ווי זי וועט

שפּיעלען אויף איהרע איינענע תנאים, און נאָכדעם ביי וועראצקען... און נאָכדעם ביי... אַזוי געזונד זאָלען מיר זיין. וואָס פאַר אַ חתן זי איז ווערט...

— נו, איצט וועט העני עטוואָס דעקלאמירען,— זאָגט ווייטער קראשינסקי, זענענדיג זעהר צופריעדען מיט דער טאָכטער.— העני, וואו איז ער, העני, קום נור אַהער, העני!..

העני בעווייזט זיך אין טהיר.

— קום נור אַהער, דעקלאמיר עפּיס לכבוד די געסט —

— וואָס זאָל איך דעקלאמירען? — לאָזט ער זיך אַ ביסעל בעטען.

— וואָס דו ווילסט. נו, גיך —

— בלויזע „פּינפּען" גיעט מען איהם פאַר זיין דעקלאמירען אין נימנאַזיע, — האָט זיך קראשינסקי אַ קעהר געטהון צו דבשה חיה'ן און האָט איהר שטיל אַזאָנגעטהון.

העני איז אַ ווײלע געשטאַנען מיט אנ'אראָפּגעלאָזטען קאָפּ און מיט אנגעבלאָזענע ליפּען. באַלד האָט ער זיך ווי אויפגעהאַפּט, האָט זיך אויסגעגלייכט, האָט פאַרלייגט אַ האַנד אויף אַ האַנד, האָט זיך פערקוקט עטוואס אין אַ זייט, האָט זיך אנגעשטרענגט, איינינע מוסקעלען אין זיין דורכזיכטיגען פנים האָבען איהם אַ ציטער געטהון, און ער האָט גענומען לעזען אַ ליעד אין רוסיש.

און זיין קינדערש אָבער פּעסטעס קול'כל האָט אַזוי שען געקלונגען, האָט זיך מינוטען וויז געביעטען, אַט קרעכצט ער, ווי אַ פערשפּארטער אין אַ פינסטערין צימער און בעט זיך רחמים, מען זאָל איהם האָטש אויף אַ ווײלע פריי לאזען עטוואס געניסען פון דער ליכטיגער זון, אַט בייזערט ער זיך עפּיס אַזוי מאוים'דיג, גלייך ווי ער וואָלט עמיצען געסטראַשעט, אַט זיפצט ער, ווי ער וואָלט שוין אנגעוואָרען אַלע האָפנונגען, פּיהלענדיג ווי שוואך ער איז, אַט,— ווידער לעבעדיגער...

— בראווא, בראווא, — האָבען איינינע אויסגעשריען, ווען ער האָט געענדיגט, און האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס פּנים, וואָס איז געווען בעדעקט מיט אַ פרישע ראזאווע פאַרב.

— נו, וואָס זאָגט איהר?— פרעגט קראשינסקי קוקענדיג אויף אַלעמען, און זיינע ברילען האָבען זיך צום סוף בעגעגענט מיט דבשה חיה'ס שמייכלענדיגע אויגען;— נו, וואָס? —

— זעהר פיין... אָבער, אָבער... האָט זי גענומען עטוואס שטאמלען: — נעמט ניט אָן פאַר אומגוט, אָבער עטוואס... עטוואס יודישעס קען ער?..

— ווי הייסט, ווי דען? — רופט זיך אָפּ קראשינסקי מיט גדלות: — ער לערנט זיך דאָך אַלע טאָג „לשון-קודש"; — העני, נו, זאָג עפּיס אַ יודישען שיר, אַ „לשון-קודש'ין", נו, העני, לאָז זיך נור ניט בעטען, דו ווייסט דאָך, ווי איך האָב דאָס ניט ליעב...

העני האָט זיך ווידער אַוועקגעשטעלט. האָט אנגענומען די נויטיגע פּאָזע; אָבער שוין ניט אַזוי אנגעשטרענגט ווי פריהער, און האָט גענומען לעזען מיט אַ גלייכען, רוהיגען טאָן:

„בַּת־צִיּוֹן אֲהָבֵךְ, אַתְּ חֶלְדִּי נִשְׁמָתִי..."

און די ווערטער זענען איהם געראָנען פון מויל עפּיס אַזוי ווי אַ שטיל רעטשקעלע ס'האָט ניט געזיפּצט, ס'האָט ניט געקרעכצט, עפּיס אַזוי רוהיג, האַלב טרוימעריש, האַלב דרעמלענדיג...

— נו? — קוקט קראשינסקי ווידער אויף דבשה חיה'ן, ווען העניו האָט געענדיגט.

— חאָטש איך פערשטעה ניט דעם טייטש — ענטפערט זי מיט עניוות, — אָבער איך הער, אַז ער איז, אהן „עין־הרע", אַ—אַ גרויסער „בעל עברי"... אַזאַ יאָהר אויף אונז, וואָס פאַר אַ גאָלד קינד דאָס איז.

— איצט זאָל וועךא עפּיס זאָגען לכבוד די געסט — האָט געוועךאַ זאָג געטהון קראשינסקי...

די מאַדאַם האָט איהם אבער איבערגעריסען, האָט איהם שטיל אויף גיך אַ פּאָר ווערטער אַ זאָג געטהון, און ער איז אנטשוויגען געוואָרען.

— נעמט עפּיס, בייסט עפּיס צו, מיינע הערצען, - זאָגט זי אַרויס הויך, — פאַרטהון זיך אין שפּיעלען, אין זינגען, — דערמיט איז מען ניט זאַט... נעמט עפּיס, בלומע־רייזעל, ווארום בעטסטו זיי ניט? —

בלומע רייזעל האָט אַ ציטער געטהון, אַזוי ווי מ'וואָלט זי פּלוצלינג איבערגע־שראָקען, און האָט אָנגעשטעלט אויף דער מאַדאם אַ פּאָר שטומע רחמנות'דיגע אויגען...

עס האָבען זיך דערוויל איבערגעוואונקען בתיה מיט גיטלען, זיי האָבען זיך אויפגעהויבען, לייכט אַ נויג געטהון זיך, אַ גוטע נאַכט געוואונשען און זענען אַרויס.

דבשה חיה האָט זיך גענומען קעהרען, בעוועגען זיך אויף איהר שטיהל, האָט געוואָלט, קאַנטיג, אויפשטעהן, נור האָט עפּיס ווי ניט געוואגט.

דער חתן האָט גענומען דעם ברודער דריקען די פיס אונטער'ן טיש, ער האָט געוואָלט איהם עפּיס זאָגען — האָט אָבער ניט געקענט. איהם איז געווען זעהר לאַנגוויילינג. ער זיצט די גאַנצע צייט שטיל, קוקט און הערט און וואָס דאָ איז — ווייסט ער ניט, ער ווערט נור וואָס ווייטער אַליץ מעהר איבערצייגט, אַז דער חשד, וואָס ער האָט אויף דער כלה איז געווים אמת... הייסט דאָס, אַז דאָ איז עפּיס ניט אַזוי פּשוט, אלא ניט — טאָ צו וואָס האָט מען דאָס אַליץ געברויכט?.. און ער האָט בעשלאָסען, וואָס ער האָט דאָ צו טהון; ער וועט זיך ניט לאָזען פיהרען ווי אַ יונגעל אין חדר... ער וואַרט נור די גאַלונגענע מינוט. אויפ'ן בעל־הבית קוקט ער שוין ניט, אַזוי ווי ער וואָלט אין איהם געזעהען זיינעם אַ שרעקליכען שונא. דאס וואָרט „קאַפּיטאַליסט" געהט איהם פון קאָפּ ניט אַרויס. איהם דאַכט זיך, אַז קראשינסקי איז איהם עפּיס אַ גרויסען חוב שולדיג, ווי ער וואָלט ביי איהם עפּיס אָפּגענומען, — ער קען נור ניט פערשטעהן, וואס און ווי אַזוי ער קען דאָס מאהנען...

דבשה חיה האָט זיך אָבער פאָרט ענדליך אָנגענומען מיט מוטה און האָט זיך אויפגעהויבען פון איהר אָרט. זי האָט אַווינק געטהון דער מאַדאַם און זיי זענען ביידע אַרויס פון זאַל.

— מענדעל, קום נור אַהער אַ ווײַלע, — רופט באַלד די מאַדאַם קראשינסקי'ן.

— וואָס איז? — הויבט זיך אויף דער בעל־הבית, ענטשולדיגט זיך פאַר די ברידער און געהט אַרויס.

דער חתן האָט זיך מיט דער מינוט בענוצט און האָט אַ צופּ געטהון דעם

ברודער ביים אַרבעל. זייערע בליקען האָבען זיך בעגעגענט און דער חתן האָט אַ ווינק געטהון, אַז זיי זאָלען געהן.

בלומע רייזעל איז געזעסען עפּיס ווי אין אַ פינסטערער גרוב. האָטש אין זאַל איז אַזוי ליכטיג געווען — זי האָט אָבער גאָר ניט געזעהן. אויף איהר האָט עפּיס ווי דאס גאַנצע לייב געברענט. זי האָט נור געפיהלט ווי ענג איהר איז. ווי עס שטיקט זי עפּיס, ווארגט זי עפּיס, אַזוי אַז עס פעהלט איהר לופט...

באַלד האָבען זיך די ברידער אויפגעהויבען, האָבען אין דער וועלט אַריין אַ גוטע נאַכט געזאָגט און האָבען זיך געלאָזט געהן.

— וואָהין איילט איהר זיך, — איז אַריינגעלאָפען דבשה־חיה, נאַכהער די מאַדאם מיט קראַשיסקי'ן, — וואָהין איילט איהר זיך? — האָבען זיי אַלע אָנגעהויבען, זייענדיג שטאַרק איבעראַשט.

אברמיל האָט גענומען רייבען אַ האַנד אן א האַנד, וועגען זיך פון איין פוס אויף דער צווייטער, האָט געקוקט אויף דעם ברודער און האָט ניט געוואוסט וואָס צו טהון.

— שוין צייט געהן, — האָט דער חתן אַרויסגערעדט פעסט ניט קוקענדיג אויף קיינעם, — אַ גוטע נאַכט. — און ער איז אַרויס און נאָך איהם זיין ברודער.

קראַשינסקי מיט דער מאַדאַם זענען געבליבען שטעהן אַ ווײַלע ווי פערטומולט און האָבען זיך איבערגעקוקט מיט פראַגע בליקען און מיט אַ לייכטען שמייכעלע, ווי זיי וואָלטען געפרעגט: — וואָס זענען דאָס פאַר אַ מיני ברואים?..

דבשה חיה'ס געזיכט האָט זיך מיט אַ וואָלקען פערצויגען. איהר האָט זיך ניט איינגעגעבען לאָזען דעם חתן מיט דער כלה ביחידות, זיי זאָלען קענען צווישען זיך אַ ביסעל איבערשמועס'ן. זי האָט זיך אין גאַנצען פערלאָרען.

— איך וועל געהן זעהן וואָס דאָס איז, — האָט זי זיך אָנגערופען מיט אַ פערשטיקט קול און האָט זיך געלאָזען לויפען צום טהיר.

— פיהרט זיי ניט מעהר אַהער! — האָט זיך די מאַדאַם אויפגעכאַפּט און האָט נאָך געשריען דבשה חיה'ן צום טהיר צו: — איהר הערט? איהר זאָלט זיי אַהער מעהר ניט פיהרען, אָט די גולם'ס. וואָס קענען אַ וואָרט ניט רעדען! פיהרט זיי ניט מעהר אַהער!..

בלומע רייזעל איז נאָך אַליין געזעסען, זי איז עפּיס געווען ווי אַ פער'חלש'טע. אין די אויגען האָט איהר געפינטעלט, אין קאָפּ שטאַרק געדרעהט און אין האַרצען — געהאַמערט, אָט ווי עס ווערט ניט צוזעצט... זי האָט זיך געוואָלט אויפהויבען פון אָרט און האָט ניט געקענט, עס האָט איהר כחות געפעהלט.

— עס זיך ניט אָפּ דאָס האַרץ, — רופט זיך צו איהר אָפּ די מאַדאַם, — וואָס האָסטו אַזאַ גולם ניט געזעהן? אַזאַ שטיק גאָלד זאָל איך האָבען, וואָס פאַר אַ חתן דו וועסט קריגען... געה, מענסט געהן רוהיג שלאָפען... פונ'ם טיש וועסטו שוין מאָרגען צונעהמען, עס ברענט ניט. זיי רוהיג, וועסט גאַנץ זיין...

און בלומע רייזעל האָט זיך אָנגעשפּאַרט אן טיש, האָט זיך שווער אויפגעהויבען פון אָרט און עפּיס ווי אַ שכורה האָט זי זיך געלאָזען געהן צו זיך ווידער אין קיך אַריין.

מ. ערליך.

# ווי אזוי זאלען מיר קאלאניזירען?

## II.

### וועגען דעם שותפות־פרינציפ אין דער קאלאניזאציע.

די פויערן קענען איינשטעהן אין ווירטשאַפֿטליכער הינזיכט, ווי מיר האָבען שוין פֿריהער באַוויזען, נור דאַן, ווען זיי אָרגאַניזירען זיך אין אַלערליי שותפות־חברות.

דער שותפות־פרינציפ אין דער לאַנדווירטשאַפֿט האָט זיך אָנגעהויבען ענטוויקלען גאָר ניט לאַנג; דער עקר האָבען אויסגענומען די שותפות־חברות ביי די פויערן נור די לעצטע 15—20 יאָהר. דערפֿאַר אָבער האָבען זיי פֿאַר דער דאָזיגער קורצער צייט ערייכט אַ אונערוואַרטעטען ערפֿאָלג.

„גאָר ניט לאַנג, זאָגט טשופּראָוו [1], האָט מען געמיינט, אַז די קליינע אַקער־בויווירטשאַפֿט האָט אַזאַ מזל, ווי די קליינע אינדוסטריע־אונטערנעהמונגען, ווי למשל, די האַנדוועבעריי, וועלכע האָבען געמוזט אונטערגעהן, נאָך די גרויסע ערפֿינדונגען פֿון׳ם פֿאָריגען יאהרהונדערט און אָפּט־עטען דעם פּלאַץ די גרויסע אונטערנעהמונגען.

מען האָט געמאַכט אַ גזרה שוה פֿון דעם איבערקעהר וואָס איז פֿאָרגעקומען אין דער אינדוסטריע ווי אויך פֿון דעם פֿאַקט וואָס די גרויסע ווירטשאַפֿטען האָבען גאַנץ פֿריה איינגעפֿיהרט די בעסערע מעטאָדעס פֿון דער אַקערבוי. ענגלאַנד, מיט איהרע גרויסע גיטער האָט שוין לאַנג איינגעפֿיהרט אגראנאָמישע פֿערבעסערונגען דענסטמאָל, ווען די מיטעלע און קליינע גרונדבעזיצער האָבען זיך נאָך געהאַלטען ביי אָדם הראשון׳ס מעטאָדעס.

און אַזאַ מיינונג וועגען דער צוקונפֿט פֿון דער קליינער אַקערבוי־ווירטשאַפֿט האָט זיך איינגעוואָרצעלט אין דער וויסענשאַפֿטליכער און פּובליציסטישער ליטעראַטור פֿון דעם פּראָגרעסיווען טייל פֿון דער געזעלשאַפֿט. די געבילדעטע קלאַסען און די פּאָליטיק פֿון די מלוכות האָבען אַוועק געמאַכט מיט דער האַנד די קליינע אַקערבוי־ווירטשאַפֿט ווייל זיי האָבען געגלויבט אַז קיין תכלית וועט פֿון איהר ניט זיין, אַז זי מוז אונטערגעהן. אַ סאַך האָבען אפילו געקלערט אַז די מלוכה דאַרף נאָך מיטהעלפֿען, אַז די קליינע אַקערבוי־ווירטשאַפֿט זאָל אונטערגעהן, כדי אויף איהר אָרט זאָלען זיך ענטוויקלען נייע פֿאָרמעס פֿון לאַנדווירטשאַפֿט.

---

[1] זעה זיין מאמר „די ראָליע פֿון דעם איינצעלנעם“ אין דעם זאַמעל בוך לכבוד מיחאַילאָווסקי׳ן.

דאָך האָט דער נסיון פון דער לעצטער צייט באוויזען אז עס איז גאָר ניט אזוי, אז עס איז דאָ נאָך אַן אַנדער תירוץ אויף דער קשיה. די קליינע גרונדבעזיצער האָבען געפונען אַ המצאה ווי זיך פערשאַפען און אויסנוצען די אַלע בעקוועמליכקייטען פון דער העכערער טעכניק און ניט ווערען פראָסטע לוין־אַרבייטער ביי די גוטס־בעזיצער. די המצאה האָט געהייסען — קאָאָפעראַציע (שותפות חברה). די קאָאָפעראַטיווע בעוועגונג אין דער אַקערבוי־ווירטשאַפט, וואָס האָט זיך ערנסט אָנגעהויבען ניט מעהר ווי צעהן [1]) יאָהר צוריק האָט שוין אַצינד אַרומגענומען אַלע גרעסטע אייראָפּעאישע לענדער און איז בייגעשטאַנען די פויערן אַז זיי זאָלען בלייבען זעלבסט־שטענדיג און טאַקע אויסנוצען די אַלע מעלות פון דעם „גרויסבעטריעב."

די שותפות־חברות זענען מציל די פויערן פון די וואָכערניקעס, וואָס האָבען נאָך ערשט ניט לאַנג געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אין דאָרף, זיי בעפרייען די פויערן פון דער עקספּלואַטאַציע פון דעם קליינעם דאָרפקרעמער, וועלכער רייסט ביי זיי אָפּ די הויט. די שותפות חברות העלפען אויך די פויערן בעקוועם פאַרקויפען זייערע פּראָדוקטען, באַנוצען צו דער אַרבייט מאַשינעס און פּראָדוצירען שותפות־וויז איינ־גע פּראָדוקטען.

לאָמיר זיך אַביסעל מעהר אָפּשטעלען און בעטראַכטען דעם ערפאָלג פון דער קאָאָפעראַטיוו־בעוועגונג פון די פויערן אין אייראָפּאַ [2]).

צווישען די פויערשע שותפות־חברות אויף פּראָדוצירען און פאַרקויפען געוויסע פּראָדוקטען, פאַרנעמען אַ גרויס אָרט די חברות אויף פּראָדוצירען קעז און פּוטער.

די דאָזיגע חברות שטאַמען אַרויס פון דאַניען. מיר האָבען שוין פריהער גע־זעהען, אַז גאָר ניט לאַנג האָט דאַניע פּראָדוצירט נור ברויט. נאָר נאָך דעם אַקער־בוי קריזיס פון די 70—ער יאָהרען, האָט דאַניע געמוזט אָוועקוואַרפען דאָס פּראָדוצירען פון ברויט און זיך נעהמען צו אינטענסיווער קולטור. די דאַנישע פויערן האָבען אָנ־געהויבען פּראָדוצירען מילכיגס אויפ'ן אָרט פון ברויט פאַר דעם גרויסען מאַרק. זיי האָבען אויפ'ן וועלטמאַרק געמוזט קאָנקורירען מיט אַנדערע לענדער, נור דאָך האָבען זיי מנצח געווען און דאָס אַליין צוליעב די שותפות־חברות.

די ערשטע מילכיגס־חברה איז געגרונדעט געוואָרען אין יאָהר 1882. אין סוף פון די 80—ער יאָהרען זענען אַזוינע חברות געגרונדעט געוואָרען אין גאַנצען לאַנד. אין 1897 איז שוין געווען 986 אַזוינע חברות. און אין 1900 יאָהר — 1025 מיט 160,000 מיטגליעדער.

וואָס פאַר אַ ווירקונג עס האָבען געהאַט די דאָזיגע חברות קאָן מען אַרויסזעהן דערפון וואָס אין 1875 האָט דאַניע פּראָדוצירט 74 מיליאָן פונט פּוטער און אין

---

[1]) טשופראָוו שרייבט: 5 יאָהר צוריק.

[2]) אפשר וועט עמיצען אויסזעהען פרעמד, וואָס איך שטעל זיך צו פיעל אָפּ אויף דער קאמפעראַטיוו־בעוועגונג, בשעת איך שרייב וועגען מעטאָדעס פון דער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינאַ. נור איך קלער אַז די ציוניסטען וועלען נור דאן האַלטען פון דעם קאאפעראַטיוו־פּרינציפּ אין דער קאָלאַניזאַציע, ווען זיי וועלען זיין גענוי בעקאַנט מיט די רעזולטאַטען פון דער קאָאָפעראַטיוו בעוועגונג צווישען די פויערן אין איראָפּאַ.

נ. מ.

1898 — 154 מ. פּ., דאָס הייסט אין 23 יאָהר אַרום האָבען זיי פּראָדוציערט צוויי מאָל אַזוי פיעל.

די דאַנישע פּוטער שטעהט. נאָך איהרע מעלות נאָך, העכער ווי אין אַלע לענדער און האַלט זיך אין די הויכע מקחים. די דאַנישע פּויערן האָבען צוליעב די שותפות-חברות אויסגעהאַלטען די קאָנקורענץ פון די גרויסע גוטסבעזיצער און האָבען נאָך אפילו זיי אַרויסגעשטיפּט פון דעם מאַרק, פון דעם בעריכט פון דעם שטאַאַט-לאַבאָראַטאָריאום, וועלכע דאַרף פּראָבירען די פּוטער וואָס ווערט געמאַכט אין לאַנד, פון 1900 זעהט מען אַרויס אַז די מילכיגע פּערמעס פון די גוטסבעזיצער קאָנען ניט אויסשטעהן די קאָנקורענץ פון די פּויערשע שותפות-חברות. „די סבה דערפון, לעזען מיר אין „בעריכט", ליעגט ניט דאַרין, וואָס די פּוטער פון די גוטסבעזיצער איז ערגער געוואָרען, נור דאַרין וואָס די פּויערשע, חברה'שע, איז בעסער געוואָרען. די שותפות-חברות פּאַסען זיך צו צו די פּאָדערונגען פון'ם מאַרק. די לעצטע צייט האָבען אַסאַך גוטסבעזיצער זיך געמוזט אָבזאָגען פון זעלבסטשטענדיגע ווירטשאַפט און זיך איינקויפען אין די פּויערשע שותפות חברות."

„אַזאַ ערפאָלג, זאָגט Dawid [1]), האָבען ערייכט די זעלבע פּויערן, וועלכע האָבען נאָך גאָר ניט לאַנג פּראָדוצירט די ערגסטע סאָרטען פּוטער וואָס איז געגאַנגען פאַר האַלב געלד אַקעגען די מקחים פון די גוטסבעזיצער. דערין זענען געווען פּעראינטערעסירט נור די קליינע און מיטעלע פּויערן. מען קען זאָגען אָהן א גוזמא, אַז די גאַנצע ווירטשאַפט פון מילכיגע פּראָדוקטען-פיהרט זיך אין דאַניען אויפ'ן גרונד שותפות-חברות. דאָס זעלבסטשטענדיגע פּראָדוצירען פון מילכיגע פּראָדוקטען אין דאַניען איז אַזוי ווי אויסגעשטאָרבען". דעם גלענצענדען ערפאָלג, וואָס די דאַנישע מילכיגע שותפות-חברות האָבען ערייכט האָבען ארויסגערופען אַ קנאה און די איבריגע לענדער האָבען זיי אנגעהויבען נאכטהון. די אירלאַנדישע פּויערן זעצען אפּ זייערע מילכיגע פּראדוקטען דערהויפּט אין ענגלאנד. מיט דער ענטוויקלונג פון די שותפות-חברות אין דאניען, האָט די דאַנישע פּוטער אנגעהויבען ארויסשטופּען די אירלאַנדישע פון'ם ענגלישען מארק. די אירלאנדישע פּויערן האבען זיך דענסמאל געמוזט נעהמען צו אינטענסיווער קולטור, ד. ה. זיי האבען זיך אויך אנגעהויבען ארגאניזירען אין שותפות-חברות ווי אין דאניען. אין יאהר 1889 איז אין אירלאנד געגרונדעט געווארען די ערשטע מילכיגע שותפות-חברה; אין 10 יאהר ארום זענען שוין דארט געווען 191 חברות מיט 20,844 מיטגליעדער. מען דארף ניט פארגעסען אז די אירלאנדישע פּויערן, וועלכע זענען שוין אזוי פיעל יאהרען פארקנעכטעט און ערנידריגט, שטעהען זעהר נידריג אין זייער קולטורעלען ענטוויקלונג.

אין איטאליען איז די ערשטע מילכיגע שותפות חברה געגרונדעט געווארען אין 1872, זי האט דענסמאל געהאט סך הכל 12 מיטגליעדער. אין 1895 איז נור אין איין געגענד פון ווענעציע שוין געווען 250 חברות.

מיט דעם זעלבען ערפאלג און אזוי גיך האבען זיך ענטוויקעלט די מילכיגע שותפות-חברות אויך אין בעלגיען, האללאנד, שווייץ, דייטשלאנד, פראנקרייך.

[1]) Lanbwirtschaft und Socialismus.

איניינעם מיט די מילכיגע שותפות־חברות האבען זיך אנגעהויבען ענטוויקלען די חברות אויף פראדוציזירען פלייש־פראדוקטען (קאנסערווען). אין 1899 איז אין דאניען געווען 21 אזוינע חברות מיט 62000 מיטגליעדער.

צוליעב די דאזיגע חברות איז אין דאניען בעסער געווארען די פלייש־קאנסער־ווען, אין דאניען איז אויך אססאָציאטיוו ארגאניזירט דער האנדעל און דאס ארויס־פיהרען פון אייער. די חברה אויף צו פארקויפען אייער האט אין 1898 יאהר גע־האט 180,000 מיטגליעדער. די זעלבע חברות ענטקוויקלען זיך גאנץ גוט אין איר־לאנד אויך.

גרויסע נוצען האבען די פויערען געהאט אויך פון די שותפות־חברות פון די וויינמאכער. Hecht (1 דערצעהלט אין אזא מין אופן וועגען די דאזיגע חברות אין באדען: „די ערשטע שותפות חברה פון וויינמאכער אין באדען איז געגרונדעט גע־ווארען אין 1881 פון דעם בעוואוסטען פאלקס־שריפטשטעלער און גייסטליכער האנסיעקוב; אין 1884—94 זענען געגרונדעט געווארען נאך 4 אזעלכע חברות. די באדענער פויערן האבען געמוזט ארגאניזירען די חברות איבער דער שרעקליכער עקס־פלואטאציע וועלכע זיי האבען געליטען פון די וויינהענדלער. וואס האבען געגעבען אזוינע מקחים ווי זיי (די וויינהענדלער) האבען געוואלט. אין 1901 האבען די חברות געהאט 9% ריינעם ריוח פון דעם וויינפערקויף.“ Herz אין זיין בעריהמטען בוך „Agrarfrage und Socialismus“ דערצעהלט אויך פון דעם גוטען ערפאלג פון די שותפות־חברות פון די ווינמאכער.

די קליינע זיד־דייטשע וויין פויערן, דערצעהלט ער, האבען נאך גאר ניט לאנג פארגעשטעלט א בילד פון עלענד און ארימקייט, ווייל זיי האבען קיין קאפיטאל ניט געהאט, האט מען זיי געצוואונגען פארקויפען ווי עס האט געלויהנט דעם וויינהענדלער וועלכער פלעגט ביי זיי צונעהמען דעם וויין פאר אגאר ניט. „וויינלאנד־ארעמלאנד“ איז שוין געווען א גלייך ווערטעל. פון דעם דאזיגען געגענד פלעגט די מאסען־עמיגראַ־ציע נאך אמעריקא שטייגען אם העכסטען, זייט אבער עס זענען געגרונדעט געווארען די שותפות־חברות, איז זייער לאגע גרונדליך פארענדערט געווארען“.

אין פראנקרייך האבען זיך כמעט אין אלע דעפארטאמענטען (גובערניעס) ענטוויקעלט די חברות פון גערטנער אויף שותפות פערקויפען די פראדוקטען. די דאזיגע חברות האבען ניט נור ערואבערט דעם איניעווענינען מארק, נור פערקויפען זעהר גוט זייערע פראדוקטען אין ענגלאנד, דייטשלאנד און רוסלאנד. די חברה פון די גערטנער אין Brest האבען אנ׳איינענעם דאמפפשיף אויף איבערפיהרען טרעסקאווקעס אין ענגלאנד. פיעל קליינע פויערן אין פראנקרייך האבען צוליעב די חברות מיט 40% מעהר ריוח ווי פריהער.

א גרויסען ווערט פאר די פויערן האבען די שותפות־חברות אויף צוקויפען רויע פראדוקטען, מאשינעס, ווערקציינגע און שטוב זאכען, ווי אויך די חברות אויף באנוצען בשותפות מאשינעס.

די פויערשע קאנסום־גענאסענשאפטען האבען דעם גרעסטען ערפאלג טאקע אין דאניען, אצונד איז אין דאניען פאראן ביז 1000 קאנסום־פעראיינען: די מיטגליעדער

1) Die badische Landwirtschaft am Anfang des xx Jahrhunderts von Dr. Hecht.

זֶענֶען מֶערסטֶענטיילס פּויֶערן, די פּויֶערשֶׁע קאָנסום-חברות אין בעלגיֶען האָבֶּען זייֶערֶע אייגֶענֶע פאַבריקֶען אויף פּראָדוצירֶען קאַווֶע, קאַקוֹי, שאָקאָלאַד טאַבּאַק.

אין די איבּריגֶע אייראָפּעֶאישֶע לֶענדֶער [1]) ענטוויקלֶען זיך אויך די פּויֶערשֶע קאָנסום-פֶעראיינֶען.

די לֶעצטֶע צייט האָבֶּען די פּויֶערשֶׁע שותּפות-חברות אָנגֶעהויבֶּען וואָס מֶעהר זיך פֶעראייניגֶען אין פֶערשיעֶדנֶע אַלגֶעמיינֶע און ספּעציֶעלֶע בּונדֶען.

מֶען פּריבּט אַפילו אַרויסרופֶען אַ אינטֶערנאַציאָנאַלֶע אָרגאַניזאַציֶע. די אינטֶערנאַציאָנאַלֶע אָרגאַניזאַציֶע ווֶעט מיט הֶעלפֶען דֶעם פאַרקויפֶען פון די פּויֶערשֶע פּראָדוקטֶען אין די שטאָדטישֶע קאָנסום-פֶעראיינֶען, און אויסמיידֶען די סוחרים און מֶעקלֶערס. די דאַנישֶע שותּפות-חברות פאַרקויפֶען שוין אַצונד אויך פּוטֶער, אייֶער אוי קאָנסֶערווֶען גלייך די ענגלישע קאָנסום-פֶעראיינֶען.

אָפט מאַכט זיך אַז די פּויֶערשֶע שותּפות-חברות וואָס זֶענֶען בּעשאַפֶען געוואָרֶען פאַר איין צווייג פון דֶער ווירטשאַפט, הויבֶּען אָן צוּבּיסלֶעכווייס אַריינֶעהמֶען אַנדֶערֶע צווייגֶען אויך. „וואָס מֶעהר עֶס ענטוויקֶעלט זיך די קאָאָפּעראַטיווֶע בּעווֶעגונג, זאָגט טשופּראָוו אין'ם מאמר, וואָס מיר האָבֶּען פריהֶער געבראַכט, הן אין דֶער צאָל, הן אין'ם אינעֶווייניגֶען וואַקסֶען, ווי למשל, די צאָל פון די מיטגליעֶדֶער, די טהעֶטיגקייט, זעֶהט מֶען אַרויס ווי זיי פֶערבּרייטֶערֶען דֶעם געבּיעֶט פון זייֶער טהעֶטיגקייט. ווי באַלד נור מֶענשֶען פֶערבּינדֶען זיך אויף אַ געוויסֶע צייט, ווי באַלד נור זיי געוועֶהנֶען זיך אַרבּייטֶען צוזאַמֶען און עֶס ווֶערט בּאַשאַפֶען דֶערצוּ אַ געוויסֶע אָרגאַניזאַציֶע, קומט זיי ממילא אַרויף אויפ'ן קאָפּף אויסניצֶען דֶעם בּונד אויף אַנדֶערֶע ציֶעלֶען אויך. אַחוּץ די פריהֶעריגֶע. אָט אַזאַ פּראָצֶעס זעֶהט מֶען אין אַלֶע שותּפות-חברות, וועֶלכֶע זֶענֶען נור לֶעבֶּענספֶעהיג. לאָמיר בּרֶענגֶען אייניגֶע פאַקטֶען. די קליינֶע קרֶעדיט-אינסטיטוציֶעס אין דאָרף, ווי למשל, די רייפפייזֶענֶער ליי-קאַסֶעס אין דייטשלאַנד, אָדֶער עֶהנליכֶע קאַסֶעס אין פראַנקרייך, איטאַליֶען, קליינֶע פאָלקס-באַנקֶען אין איטאַליֶען א. ז. וו. נֶעהמֶען אויף זיך די אויפגאַבּע פון קאָנסום-פֶעראיינען און קויפֶען איין פאַר זייֶערֶע מיטגליעֶדֶער די נייטיגֶע סחורות „אָפּטאָם“. די קאָנסום-פֶעראיינֶען נֶעהמֶען אויף זיך אָפט אייגֶענֶע פּראָדוקציֶע, פֶערשאַפֶען זיך מיהלֶען, בּרויטבּעֶקֶערייֶען, שאָפּעֶס, מאַכֶען ווערקשטאַטֶען פאַר קליידֶער, שיך א. ז. וו. די לאַנדווירטשאַפטליכֶע סינדיקאַטֶען (חברות) וועֶלכֶע ווֶערֶען געגרינדֶעט נור אויף צו קויפֶען בּיליג מולֶערליי פּראָדוקטֶען אויף מיסטיגֶען די פֶעלדֶער און בּעֶסֶערֶע נאַסיניֶע, שטֶעלֶען זיך אָפט אַנדֶערֶע אויפגאַבֶּען אויך, ווי למשל, אַלֶערליי מאַטֶעריֶעלֶע און קולטורֶעלֶע אונטֶערנֶעהמונגֶען, וועֶלכֶע זאָלֶען נוּצֶען בּרֶענגֶען איהרֶע מיטגליעֶדֶער. זֶעהר פֶערשיעדֶען איז די טהעֶטיגקייט פון די איטאַליֶענישֶע סינדיקאַטען וועלכֶע פּאָפּוּליאַריזירֶען לאַנדווירטשאַפטליכֶע וויסֶענשאַפט, אין פאָלק, מֶען טהוט אַלֶעס כדי די פּויֶערן זאָלֶען זיך נֶעהמֶען פאַר בּעֶסֶערֶע מֶעטאָדֶעס און אַגראָנאָמישֶע פֶערבּעֶסֶערונגֶען, די סינדיקאַטֶען דרוקען און צעֶטהיילֶען אַסאַך בּראָשורֶען, בּיכֶער, פּאָפּולערֶע זשורנאַלֶען, רופֶען צונויף צוזאַמֶענפאָהרֶען און

[1]) אַפילו אין אַזוינע ניט-ענטוויקעלטע לענדער ווי בולגאַריע און סערביע האָבען אויך די פויערשע שותּפות-חברות אַגרויסען ערפאָלג. אין 1895 איז אין גאַנץ סערביען סך הכל געווען 11 פויערשע חברות, אין 1896 זענען שוין געווען 89, אין 1900 — 220 און אין 1903 — 330 חברות. נ. מ.

פֿיהרען איין פֿאַרלעזונגען אין די דערפֿער, סיסטעמאַטישע קורסען אין שטאָדט, פֿיה־רען איין לעהר־פֿעלדער און וויסענשאַפֿטליכע סטאַנציעס, געבען אַרויס פּרעמיעס די פֿאָלקסלעהרער וועלכע לערנען דעם פֿאָלק די העכערע מעטאָדעס פֿון ערדאַקערבוי א. ז. וו. עס וואָלט גענוען אַסאַך צו רעדען ווען מיר זאָלען וועלען אַרומשמועסען די גאַנצע טהעטיגקייט פֿון די דאָזיגע אינסטיטוציעס".

ס'איז ניטאָ קיין איין עקאָנאָמיסט וועלכער זאָל ניט מודה זיין אַז די פּויערשע שותפֿות־חברות האָבען געהאַט אין דער לעצטער צייט זעהר אַ גרויסען ערפֿאָלג, סיי די קאָנסערוואַטיווע, סיי די ראַדיקאַלע וויזען, אַז דער פּרינציפּ פֿון שותפֿות־חברות פֿאַרנעהמען אַלע מאָל וואָס מעהר אָרט אין דער ערד אַקערבוי און אַז ס'איז ניט וויט די צייט ווען די שותפֿות־חברות וועלען איינגעפֿיהרט ווערען אין אַלע צווייגען פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט.

נור צוליעב די שתפֿות־חברות האָט די קליינע פּויערשע ווירטשאַפֿט, וועלכע פֿלעגט זיך נאָר ניט לאַנג פֿיהרען גאַנץ פּרימיטיוו, איינגעפֿיהרט אַ ראַציאָנאַלע סיסטעם און קען איינשטעהן אין דער קאָנקורענץ מיט די פֿערמעס פֿון די גוטס־בעזיצער.

דעם פּאַרטייל, זאָגט Ed. Bernstein, וועלכע מ'האָט פֿון דעם בשותפֿת'דיגען איינקויפֿען זאַמען, פֿון דעם בשותפֿות'דיגען בענוצען די מאַשינעס, ווי אויך פֿון'ם בשותפֿות'דיגען פֿערקויפֿען די פּראָדוקטען און די מעגליכקייט בעקומען אַ וואָלוועלען קרעדיט, דעם דאָזיגען פּאַרטייל קאָן ניט שטעלען אויף די פּיס די פּאַראַרימטע בויערן, דאָך קאָן זי פֿערהיטען אַ סאַך טויזענדער פּויערן פֿון פֿאַראָרימט ווערען, דאָס איז געווים.

די שותפֿות־חברה גיבט דעם בויער די מעגליכקייט בענוצען מאַשינעס, קרעדיט, בעסערע בעדינגונגען ביי'ם פֿערקויפֿען. אין אַלע קולטורנע פּראָגרעסיווע לענדער פֿערשפּרייט זיך די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג זעהר גיך, דאָס וואָס מיר זעהען אַצינד אין בעלגיען, דאַניען, פֿראַנקרייך, האָלאַנד און אין דער לעצטער צייט אין אירלאַנד זעהן מיר אָהן אַ שום חלוק אין דער גרעסטער טייל דייטשלאַנד.

די לענדליכע געזעלשאַפֿטען, זאָגט Herz, פֿעראייניגען די צוואָרפֿענע פּראָדוקציען און חברות, וועלכע ווערען אַלע מאָל העכער און גרעסער, זי פֿיהרט איין וואָס אַמאָל מעהר די קאָלעקטיווע אַרבייט ביי די פּויערן און שאַפֿט אויף אַזאַ אופֿן דעם גייסטליכען און מאַטעריעלען באָדען פֿאַר דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט.

Dawid איז אויך דער מיינונג: „די פּויערשע פּראָדוצירנדע שותפֿות־חברות, זאָגט ער, זענען נאָך ניט קיין סאָציאַליסטישע קאָמונעס. דאָ ווערט נור דער קליינ־בעטריעב, וואָס איז צוזייט און צושפּרייט און פֿיהרט זיך מיט אָדם־הראשון'ס מעטאָדעס, אָרגאַניזירט אויף שכל'דיגע פּראַקטישע גרונדען, אין דער דאָזיגער בעוועגונג האָבען מיר שטאַרקע התחלות פֿון דעם סאָציאַליזם אין דער לאַנדווירטשאַפֿט".

וואַנדערוועלדע, איינער פֿון די בעסטע אָנגאַר פּאָליטיקער צווישען היינטיגע סאָציאַליסטען, אין זיין בוך „וועגען דעם סאָציאַליזמוס אין בעלגיען" טרעט אַרויס ווי אַן אַדוואָקאַט פֿון די לענדליכע שותפֿות־חברות. זיין פּאַרטיי האָט אַפֿילו אין דער פּראָגראַם אַרויסגעשטעלט אַ פֿאָדערונג, אַז די בעלגישע מלוכה זאָל אונטערהאַלטען די ענטוויקלונג פֿון די פּויערשע חברות. זשאָרעס האַלט אויך זעהר פֿון די לענדליכע שותפֿות־חברות.

דער קאָנסערוואַטיווער אַגראַר פּאָליטיקער V. d. Golz [1] זאָגט אַזוי וועגען די פּויערשע גענאָסענשאַפֿטען: „דאָס ניכע פֿערשפּרייטען זיך פֿון די לענדליכע גענאָסענשאַפֿטען איז דער בעסטער בעווייז ווי נייטהיג און נוצליך זיי זענען. אַז מיר ווילען זיך גוט צוקוקען וועלען מיר זעהען ווי ווייט די דאָזיגע חברות לאָזען זיך דיענען פֿאַר אַלע צוועקען בעזאָנדערס פֿאר די קליינע און מיטעלע גרונדבעזיצער און געגען די גרויסע גוטס בעזיצער“.

אין אַזאַ מין אופֿן רעדט נאָך אַנ׳אַנדערער קאָנסערוואַטיווער אַגראַר פּאָליטיקער, דער בעריהמטער געלערטער בוכענבערגער.

---

כדי די שותפות־חברות זאָלען האָבען אַ קיום ביי די פּויערן מוזען זיי זיין קולטורעל גענוג ענטוויקעלט. וואָס מעהר די פּויערן פֿון אַ געוויסען לאנד זענען געבילדעטער און קולטורנער, — מעהר און בעסער בענוצען זיי דעם פּרינציפּ פֿון שותפות־חברות. דאָס וואָס די חברות האָבען זיך אַזוי פֿערשפּרייט אין דאַניען איז דערפֿאַר ווייל די דאַנישע פּויערן שטעהען זעהר הויך אין קולטירעלער הינזיכט. אַ גרויסע ווירקונג אויף די גייסטליכע ענטוויקלונג פֿון די דאַנישע (ווי בכלל די סקאַנדינאַווער) פּויערן האָבען געהאַט די אַרומפֿאָהרענדע פֿאָלקס־אוניווערזיטעטען; וועלכע זענען זעהר פּאָפּולער אין סקאַנדינאַוויען. אין די דאָזיגע פֿאָלקס־אוניווערסי־טעטען בעקומען די פּויערן אַ הויך אַלגעמיינע בילדונג, נאָך פֿיעל ספּעציעלע קענטניסע וועלכע זענען נייטיג פֿאַר אַסאָציאַלער ווירטשאַפֿט [2].

דער לעזער זעהט אַלזאָ וואָס פֿאַר אַ גרויסען טעות עס האָבען די יעניגע פּאַלעס־טינער, וועלכע ערקלערען דעם שלעכטען סוף פֿון דער פּאַלעסטינער קאָלאָניזאַציען דערמיט וואָס די קאָלאָניסטען זענען כלומר׳שט געווען צו געבילדעט און האָפֿען אַז עס וועט זיין אַ סאַך בעסער, ווען מיר וועלען האָבען אַ קלאַס פֿון פּעלאַכען (אַראַבישע ערדאַרבייטער).

אַזאַ בעל־הבית׳שע מיינונג ווייזט נור וואָס פֿאַר אונוויסענדע מענשען ס׳מישען זיך אומעטום.

מענשען וועלכע האָבען אויף זייער לעבען ניט געזעהן אַ מערב־אייראָפּעאישען פּויער, וואָס לעבען צווישען די פֿאַרקנעכטעטע פּויערן פֿון מזרח־אייראָפּאַ, מיינען ערנסט, אַז דאָס איז טאַקע דער אידעאַל פֿון אַ פּויער.

ניין! ניט אַזוי! וואָס מעהר קולטורנער עס וועלען זיין אונזערע פּויערן, מעהר ערפֿאָלג דאַרפֿען מיר ערוואַרטען פֿון דער קאָלאָניזאַציע.

(פֿאָרטזעצונג פֿאָלגט).

נ. מירקין.

---

[1]) V. d. Golz „Landwirtschaft“ in Handbuch der Pol. Oekonomie von Schönberg.

[2]) אַזוינע אוניווערסיטעטען זענען נאָך אונזער מיינונג נאָך זעהר נייטיג אין פּאַלעסטינא. מיר וועלען נאָך שפּעטער רעדען דערפֿון באריכות.

# די יודישע פרעסע.

„הדור“ געשטארבען. — די „קאלעגען“ טרויערן. — „הצפירה“ פֿארשלאָפֿט שפ"ר'ס יובילעאום. — „די וועלט“ פֿאר די טעריטאריאליסטען. — א קיעווער יוד אין ווילנער פֿישמארק. — בעלקינד'ס שולע אין דער יודישען פרעסע. — דער „פֿריינד“ ווייסט אלעס. — השקפה. — שטיינער ווארפֿען. —

שטיל אָהן רעש, איז די איינציגע העבראישע וואכענצייטונג, „הדור“, אונטערגע אַנגען. קיינער האָט ניט געזיפֿצט, קיינער האָט ניט געקרעכצט, קיינער האט וועגען דעם אפילו ניט מודיע געווען... אַז די ניט=העבראישע צייטונגען האבען געשוויגען איז נאָך ניט קיין גרויסער וואונדער... אָבער זיינע העבראישע „קאלעגען“ — פֿארוואס האבען זיי געשוויגען? מענשען „זאָרגען“ זיך פֿאר די פֿערברייטונג פֿון העבראיש, פֿאר די אויפֿבליהונג פֿון דער העבראישער ליטעראטור, און אז פֿאר זייערע אויגען שטארבט אפ די איינציגע ליטעראַרישע העבראישע וואכענשריפֿט, געפֿינען זיי קיין וואָ־ט צו זאָגען!

דיעזעס טרויריגע קליינליכע פֿערשוויגען דערמאנט מיך אין יענעם פֿאקט וואס דער „פֿריינד“ (N 37) האָט געבראַכט: אַז אַ מיטאַרבייטער פֿון „המגיד“, „הכרמל“ און „השחר“ משה קיזשנער איז געשטארבען האָבען די העבראישע צייטונגען אָהן געלד ניט געוואָלט דרוקען אַ נעקראָלאָג!

תאראקטעריסטיש איז דא אויך וואס פֿרישמאן האָט דען „הדור“ אָפגעשטעלט אפילו אָהן אַ ביטער-בייסענדען „אָ=ענעם בריעף“ ווי ער האָט פֿאַר אַ פאאר יאהר געטהון. דעמאָלסט, פֿאַר אַ פאאר יאָהר, ווען פֿרישמאן האָט אַזוי הייס אפגעלייקענט די עקסיסטענץ פֿון אַ העברע-איש=לעזענדען פובליקום, האָט ער דאָך טיעף אין האַרצען געגלייבט, אַז דאָס וואָס ער שרייבט איז נור „גלאַט אַזוי“, אַז אין אמת'ן זענען יאָ פֿאַראַן פֿיעלע יודען וואָס ליעבען באמת אונזער העבראישע שפּראַכע. וואָלט ער אין דעם ניט געגלייבט, אַזוי וואָלט ער זיכער יענעם „בריעף“ ניט געשריעבען. פֿרישמאן האָט דאנן געפֿיהלט אַז מיט דעם בריעף פֿערשאַפֿט ער טיעפֿע שמערצען אַ געוויסע צאָהל לעזער — און אָט דערפֿאַר, כדי יענע די שמערצען צו פֿערשאַפֿען האָט ער זיי ביטערע ווערטער געזאָגט. ניט אַזוי איצט. ער גלייבט ניט מעהר פֿרישמאַן! ער גלייבט ניט מעהר, צו זענען פֿאַראַן האָטש אַ פאאר צעהנדליג אַזעלכע, וואָס וועלען ליידען פֿון זיינע בייסענדע ווערטער — און ער שווייגט! ער שווייגט, ווייל ער האָט ניט וועמען — וואָס צו זאָגען. —

און דאָס פֿערהאַלטען פֿון די העבראישע „קאָלעגען“ האָבען בעוויזען אַז פֿרישמאַן האָט רעכט.

און אפשר גאָר בין איך אַ „חושד בכשרים“? אפשר גאָר האָבען די העבראישע צייטונגען ניט געוואוסט... אַז „הדור“ האָט אויפֿגעהערט צו ערשיינען? אָט זעה איך אַז די „הצפירה“, וואָס ווייסט אַזוי גענוי וויפֿיעל מינוט סאָקאָלאָוו איז ביי וויטא געוועזען און אין וועלכער שעה זשול=ווערן איז געשטאָרבען, ווען יצקן וועט אַרויסגעבען זיינע „מכתבים גלוים“ און נאָך, און נאָך פֿיעל וויכטיגע זאַכען — האָט ניט געוויסט... אַז טאַקע אין ווארשא האָט ש. פּ. ראבינאוויטש (שפ"ר) געפּייערט זיין 60=יאהריגען געבורטסטאָג!

נור „צרת רבים חצי נחמה“; שפ"ר איז ניט דער איינציגער וואס ווערט אזוי בעהאַנדעלט. ער איז נאך אַ „גליקליכער“ אַרוים וואס „הצפירה“ האָט אין זיין יובילעאומס־טאָג ניט אויסגע־רעכענט, די חסרונות פֿון זיין גרעטץ־איבערזעצונג. שפ"ר איז ניט מעהר ווי פֿערשוויגען געוואָרען. אַ דערע ווערן פֿערשריען און זעהר אָפֿט מיט שמוטץ בעווארפֿען. נעמט למשל אונזער ליבע „וועלט“ (N 12) וואָס האָט זיך פלוצלינג דערוואוסט (זייט דעם זי שטעהט אונטער נאהענטער אויפֿזיכט פֿון אַ .A. C מיטגליעד...) אָט זי איז אויך דער אָרגאַן פֿון די טערי־טאריאַליסטען. און אָט די לעצטע ווייסען דארט צו דע־ציילען אַז „דאָס יודישע פֿאָלק“ (ד. ה. די פאאר סטודענטען אין בערן) האָט בעגריסט און בעיובעלט, וואָס סוף כל סוף איז די אוגאנדא־עקספעדיציע אפגעגאנגען. ניר וואס דען — קלאָגען דיעזע „פֿאָלקס“־ציוניסטען — עס געפֿינען זיך נאָך „אַזוי זיך רופֿענדע ציוני ציון“ וואָס האָבען זיך אין ווילנא ארגאניזירט אונטער דער פֿיהרערשאפֿט פֿון „אויסגעשפּראָכענע געגנער פֿון פּאָליטישען ציוניזם“. עס פֿערשטעהט זיך אַז „די וועלט“ ווייסט אַז אונטער דיעזע „אויסגעשפּראָכענע געגנער פֿון פּאָלי־טישען ציוניזם“ זענען דא געמיינט כמעט אַלע רוסישע אקצ. קאמ. מיטגליעדער! אַלזא יענע וועמען דער ציוניסטישער קאנגרעס האָט אין משך פֿון 7 יאָהר אַנפֿערטרויט די ציוניס־טישע אָרגאַניזאַציע אין רוסלאנד! עס איז אפילו מעגליך אַז דער קומענדער קאָנגרעס וועט אין .A. C אויסקלויבען צייטלין, חזן, דר. אווינאוויטצקי, באויקאַסקי, דר. זאלקינד, און אַ פאאר שטודענטען אויס דער בערנער „קדימה“ גרופע. דערווייל אָבער, זענען עס אוסישקין, דר. טשלענאוו, שיינקין, טיאמקין, דר. כהן־ברנשטיין א. אז. וו. די ציוניסטישע פֿיהרער, און אָט זיי ווערן אין אונזער אָפֿיציעלען ארגאן בעצייכענט אַלס „אויסגעשפּראָכענע געגנער פֿון פּאָלי־טישען ציוניזם“!

דאָך אָבער ערשיינט די „וועלט“ אין וויען, אַ שטאדט וואָס רעכענט זיך האלב צו אייראפא... דארט מיז מען ווייניגסטענס אַ ביסעל „אנשטענדיג“ זיין — דערפֿאַר אבער דער „הזמן“ וואס איז אַזוי נאַהענט צום ווילנער פֿיש־מאַרק ווייסט פֿון קיינע צערמאָניעס". —

נאַכדעם ווען צייטלין האָט שוין צום הונדערטסטען מאָל פֿערציערט דען „הזמן“ מיט זיינע „פערל“, אַז עס האָט שוין יעדען (אויך טעריטאָריאליסטען) געעקעלט צום חלשן, נאָכ־דעם ווען זיין מיטהעלפֿער דר. זאלקינד אויס לאָנדאָן האָט זיך זיין חלק שמוטץ דאָרט אָפּגע־לאַגערט — געפֿינט זיך אַ יוד אין קיעוו (מ. קאמיאנסקי הייסט דער מענש) וואָס האָט מיט זיין חוש הריח דערשמעקט אַז גראָד „הזמן“ איז דער געאייגענסטער אָרט פֿאַר אַלערליי פאַסקווילען. —

„פֿון אונטער דעם פֿאָרהאַנג“ (מאחורי המסך. „הזמן“ 48 נו.) רופֿט קאמיאנסקי זיין פאַסקוויל. קודם כל טרעט ער אויף ווי אַ היסטאָריקער און דערציילט אונז אַז אין אונזער ציוניסטישער בעוועגונג זענען קודם כל געווען (נעבען די פאַלעסטינצעס) אַמערי־קאַנצעס און ארגענטינצעס! און זיין ציוניסטישעס האַרץ שמערצט איהם נאַטירליך וואָס „אונזער בעוועגונג“ האָט זיך שוין ביים אָנהייב צעטיילט אין אַזוי פֿיעל פאַרטייען ווי פאלעס־טינצעס, אמעריקאַנצעס און ארגענטינצעס! ס'איז נור אַ שאָד, וואָס דובנאוו בעניצט זיך ניט מיט קאמיאנסקיס היסטאָרישע אויספֿאָרשונגען!

ווייטער — שרייבט דער ציוניסטישער היסטאָריקער — האָבען זיך ביי אונז גע־פֿונען „עטליכע מורשים וועלכע זוכען כבוד און נצחון, וואָס האָבען פֿערנאַרט די חברים זייערע, און וואָס האָבען געמאַכט א רעוואָלוציע, כדי צו צושטערען דעם ברודער־בונד און כדי צו פֿערטיליגען די אָרגאַניזאַציע א. ז. וו.“

דאָס אַלעס איז אָבער, נור אַ הקדמה די „עטליכע מורשים“ האָבען נעבעך דאָ געמוזט ליידען, נור כדי קאמיאנסקי זאָל קענען זיין ביטער האַרץ אויסגיעסען אויף דעם געפֿעהרליכסטען רעוואָלוציאָנער, אויף מ. אוסישקין וואָס האָט אַזא מין חוצפה צו בלייבען אַ ציוניסט, ניט פֿרע־גענדיג דעם קאנגרעס! מיט אַרויסגעהאַפטע ווערטער פֿון פריוואַט בריעף פריפֿט קאמיאנסקי בע־וויזען אַז אוסישקין איז דער נעפֿעהרליכסטער מענש און אַז ער איז ניט ווענינער — — ווי אַ גנב! דאָס וואָרט גנב געברויכט ניט קאמיאנסקי. דער מענש איז פֿאָרזיכטיג. ער ווייסט, אַז פֿאַר אַזעלכע זאַכען „רוהט מען זיך“ אָפּ עטליכע חדשים און ער היט אָפּ זיין וויכטיגע פערזאָן. עס איז אָבער פֿאַר יעדען לעזער גענוג קלאָר אַז נאָך קאמיאנסקי־ס „אַרטיקעל“ צו משפטן האָט אוסישקין פשוט גע'גנב'עט עטליכע טויזענד פֿראַנק.

„הזמן" האָט ווי עפּיס אַ בושה געפֿיהלט אזא מין שכוטץ־פּאַסקוויל צו דריקען — און האָט זיך מיט אַ אייגענאַרטיגער בעמערקונג געשיצט: די רעדאַקציע פֿיהלט זיך מחויב אַזעלכע פּאַסקווילען צו דריקען, נאַכדעם ווען דער פּאַסקווילען־שרייבער האָט אויף זיך די „אחריות" פֿאַר די ווערטער גענומען, און אַז אוסישקין האָט שפּעטער די נאַרישקייט בעגאַנגען אויף דיעזע שמוציגע בעשולדיגונגען צו ענטפֿערן, האט „הזמן" דען מוטה און דען אנשטאַנד ניט געהאַט זיך צו ענטשולדיגען. —

טרויריג איז אָבער וואָס אין אונזער בעוועגונג וואו עס געפֿינען זיך אַזוי פֿיעל פּראָטעסטען־שרייבער האָבען זיך ניט געפֿינען אַזעלכע וואָס זאָלען געגען דיעזער העסליכער עקעלהאַפֿטער פּערזענליכער אַטאַקע פֿון „הזמן" עט קאָנסארטען פּראָטעסטירען. און אפשר האָבען זיי רעכט? מעגליך, אַז אין דיעזעם פֿאַל איז דאָס שווייגען — געוועזן די ריכטיגסטע תשובה. —

אַז גאָט הייבט אָן העלפֿען — האָט זיין גוטסקייט קיין ענדע. דער קאָנגרעס איז נאָהענט, און מען מוז זעהן, אַז אוסישקין זאָל „אַראָפּ" נאַטירליך, איז דאָ ניט נור אוסישקין אַליין געמיינט. די גאַנצע אַרבייט אין ארץ־ישראל שטעהט פֿיעלען אין וועג, און מען מוז זעהן מיט אַלע מעגליכקייט אַלעס וואָס האָט אַשייכות צו פּאַליסטינא, צו פֿערניכטען, צו צושטערען.

אַ טייל קינדער פֿון בעלקינד'ס שולע „קרית ספר" אין פּאַלעסטינא בעקלאַגען זיך אויף דער האַרטער און אונגערעכטער פֿיהרונג פֿון בעלקינדען. מען בעשולדיגט איהם אין דעם, אַז ער האָט איינגעפֿיהרט די „נאַגייקע" אין דער שולע, אַז ער צענזורירט די בריעף וואָס די קינדער שיקען אַהיים, כדי נאַכצוזעהן אַז די קינדער זאָלען בלויס צופֿריעדענע בריעף שרייבען. אויב דאָס אַלעס איז אמת — אַזוי פֿערשטעהט זיך אַז דאָ איז פֿאַראַן נור איין וועג: בעלקינדען משפּט'ן, איהם ניט לאָזען זיין אין שולע. משפּט'ן דאַרף מען אויך יענע וואָס האָבען די אויבער־אויפֿזיכט איבער דיעזער שולע און וואָס האָבען זי אַזוי פֿערנאַכלעסיגט. עס איז דאָ קיין אונטערשיעד, צו זענען דאָס קישינעווער יתומים, צו גלאַט אַזוי קינדער. עס איז קיין אונטערשיעד, צו איז דאָס אוסישקין וואָס האָט בעדאַרפֿט פֿיהרען די אויפֿזיכט, צו גאָר (ווי דער אמת איז) דער וויענער־אקציאָנס קאָמיטעט. נור, קודם כל, דאַרף מען זיך איבערצייגען צו איז איבערהויפּט די גאַנצע געשיכטע אמת. בעשולדיגען בלויס אויף גרונד פֿון „דאָקומענטען" ניט אויסהערענדיג דען בעשולדיגטען הייסט בעגעהן אַ עהנליכעס פֿערברעכען ווי ביי דער דרייפֿוס־אַפֿערע. —

די עלעמאַנטאַרסטע פֿאָדערונגען פֿון גערעכטיגקייט פֿערלאַנגען אויסצוהערען „ביידע צדדים". אונזער פּרעסע האָט אָבער ניט אַזוי געטהון. אונזער פּרעסע האָט דיעזעם רעכט מיט פֿיס געטרעטען. —

„הזמן" האָט נאַטירליך תיכף אוסישקינען ערב געמאַכט און „בעוויזען" דורך דעם אַז דאָס גאַנצע סיסטעם פֿון דער ארץ־ישראל ארבייט טויג ניט. —

הצפֿירה האָט נאַטירליך נאָכגעטאַנצט, דען דאָרט ווען עס איז פֿאַראַן אַ „געמיינזאַמער פֿיינד" פֿאַראייניגען זיך די געגנער. —

אַם קאָמיש'סטען פֿון אַלע צייטונגען האָט זיך דער „פֿריינד" (53 נו.) מיט אַ לייט־אַרטיקעל ארויסגעשטעלט. מיט אַ קול פֿון נצחון האָט ער בעוויזען אַז ער האָט נאָך פֿריהער געוואוסט „אַז פֿון גאַנצען פּראָיעקט קען גאָר ניט ארויס.

און ער, וואָס ווייסט אַזוי אַלעס פֿריהער, וויינט מיט קראָקאָדיל־טרעהרען:

„עס איז מעהר ווי אַ יאָהר צייט שטיל געוועזן. פּלוצלונג אָבער האָבען אָנגעהובען צו ריידען — די יתומים אַליין.

ניין, מיר האָבען אונז ניט גאָר ריכטיג אויסגעדריקט. די יתומים „ריידען" נאָך איצט אויך ניט — זיפֿצען נור און פֿאַרגיסען שטילע טרעהרען.

די יתומים ריידען ניט, האָטש זיי האָבען פֿיעל וואָס צו זאָגען. זיי שווייגען, ווייל ה' בעלקינד האָט זיי מיט געוואַלד פֿערשטאָפּט דאָס מויל, בכדי זיי זאָלען ניט אויפֿרודערן זייערע גואלים און קרובים, די גאַנצע געזעלשאַפֿטליכע מיינונג".

צו קאָנטראָלירען דאָס אַלעס, האָט דער „פֿריינד" ניט געפֿינען פֿאַר נייטיג ער ברוגז'ט זיך נור וואָס „געוויסע כלל־טהוער" זעהן אין אַ טייל פֿון די „פֿריינד"־שרייבער געגנער פֿון ארץ־ישראל.

צו ווייסט דען דער „פֿריינד" ניט, אַז ער האָט קיינמאָל ניט ערלויבט בעלקינדען צו ענטפֿערן א י ן „פֿריינד" געגען די בעשולדיגונגען? אַז דער „טאָג" האָט געלעבט, האָט מען נאָך געקענט די י ו ד י ש ע לעזער אויפֿקלערען און ווייזען די עהרליכקייט פֿון „פֿריינד" — נאָכדעם אָבער ווען דער „פֿריינד" איז געבליעבן אַ מאָנאָפּאָליסט — האָבען די יודישע לעזער בעקומען נור ראָזענפֿעלד'ס אַרטיקעל און פֿון „זיין" אַגראָנאָם.

און ווי אַזוי איז צו ערקלערען דעם פֿאַקט, אַז דער „פֿריינד" האָט קאָרעספּאָנדענטען אין בערלין, לאָנדאָן, פּאַריז, אַרגענטינאַ, אַפֿריקאָ, נ ו ר נ י ט א י ן א ר ץ=י ש ר א ל? צו ווייסט ניט דער „פֿריינד"אַז פֿאַר'ן יודישען לעזער איז דאָס לעבען אין ארץ=ישראל אפֿשר אַזוי וויכטיג צו וויסען, ווי דאָס לעבען פֿון די שוואַרצע אין אַמעריקאַ אָדער געפֿאַנגענע אין פּאָרט=אַרטהור?

איז זיך דאָס ניט צו ערקלערען דורך דעם ב ע וו א ו ס ט ע ן ר צ ו ן פֿון רעדאַקציע אַלעס ארץ=ישראל לעבען צו פֿערבאָרגען? דער „פֿריינד" האָט געווים דאָס רעכט געגען ארץ=ישראל צו זיין—נור צו וואָס, פֿרעגט זיך, דאָס בעהאַלטען, דאָס פֿערשטעקען?

ווערטה צו בעמערקען איז נאָך אַז די אוגאַנדיסטישע „השקפה" ברענגט אין נו' 55 אַ קאָרעספּאָנדענץ אוּס פ ת ח ת ק ו ה וואו עס ווערט דערציילט אַז בעלקינד איז געקומען אַהין מיט 20 שילער און אַז דיעזע שילער זענען „געזונד און בליהענד" (בריאים ורעננים) און אז „אַלע רעדען העברעאיש" און אַז מען האָט מיט זיי אָנגעהויבען רעדען דייטש, האָבען די קינדער געענטפֿערט „אין העברעאיש און האָבען געשטראָפֿט די „קאָלָניסטען-קינדער פֿאַרוואָס די לעצטע רעדען ניט תמיד העברעאיש" און אַז אויך אַ צייטונג געבען אַרויס די קינדער!

מען קען נאַטירליך ניט וויסען צו איז דאָס אַלעס אמת, צו האָט דאָ ניט מיטגעשפּיעלט די פֿאַנטאַזיע פֿונ'ם שרייבער, נור דערפֿון איז אָבער י ע ד ע נ פֿ אַ ל ס צו זעהן אַז „לא כצעקתה", אַז עס זעהט דאָרט ניט אַזוי טרויריג אויס ווי יענע פאר קינדער האבען געשריעבען.

ק י י ן א י י נ צ י ג ע צ י י ט ו נ ג (אויך „הצפה" ניט) האט געפֿינען פֿאַר נעטיג דיעזע השקפה=קאָרעספּאַנדענץ צו דער מאָנען, ווען אויך אונזערע צייטונגען גיעבען אַוועק זעהר פֿיעל פּלאַטץ פֿאַר דעם וואס גוי'שע צייטונגען שרייבען.

* * *

טרויריג, זעהר טרויריג ווערט ווען מען קוקט זיך צו נאהענט צו די קליינליכע אינטערעסען פֿון דער יודישען פרעסע. אויב ד א ס איז אַ שפּיעגעל פֿון אונזער לעבען, אַזוי איז עס נאך טרויריגער. פּראטעסטירען, פֿערניכטען, צעשטערען, אט אויף וואס אונזערע כוחות געהן אַוועק! געפֿינען זיך א י י נ צ י ג ע וואס ארבייטען צעהנדליגע יאהרען פֿאַר דעם אויפֿלעבען פֿון יודישען פֿאלק אין זיין לאַנד — אַזוי „בעדאַנקט" מען איהם מיט שטיינער. און אט אין דעם, אין שטיינער וואַרפֿען, איז שטאַרק אונזער יודישע פרעסע.

דער שווארצער יונגערמאנטשיק.

# קאטאלאג פון דער אינטערנאציאנאלער ביבליאטהעק פערלאג קא.

פיליפ קראניץ, קולטור געשיכטע, 3 בענדער, 1000 זייטען, 100 בילדער, שיין געבונדען, פרייז יעדער באנד 75 ס.

" " די געשיכטע פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציאן, 3 טהיילען אין איין באנד, שיין געבונדען 75 "

" " יציאת מצרים, מיט א קארטע פון מצרים 15 "

" " אריסטאטעל, זיין ביאגראפיע, 10 "

" " וואס הייסט נאציאן — זיינען אידען א נאציאן? 10 "

.גארדין, גאט, מענש און טייוועל, דראמא אין 4 אקטען 20 "

" וואלטער, זיין ביאגראפיע 10 "

דר. קאספע, מעכאניקע, נאך סיר אייזאק ניוטאן 10 "

" " אסטראנאמיע " " 15 "

" " אנפאנג פון כעמיע 15 "

מ. באראנאוו, דער מענש און די נאטור 10 "

ל. טאלסטאי פאטריאטיזמוס און רעגירונג 05 "

" דער איינציגער מיטעל 05 "

ביידע בראשורען איבערזעצט פון מ. קאטץ.

מאקסים גארקי, ערצעהלונגען, איבערזעצט פון ה. אלעקסאנדראוו 15 "

ה. אלעקסאנדראוו, טאלסטאי, זיין ביאגראפיע 10 "

ב. פיינענבוים, רמב"ם, זיין ביאגראפיע 10 "

מ. וויערניק, רב סעדיה גאון, זיין ביאגראפיע 10 "

מ. פרומקין, ר' ישראל בעל שם טוב, זיין ביאגראפיע 15 "

מאררים ראזענפעלד, געזאמעלטע לידער, 337 זייטען, אילוסטרירט, שיין געבונדען 100 ס.

ד. מ. הערמאלין, יצחק בער לעווינזאהן, זיין ביאגראפיע מיט זיין בילד 51 ס.

---

פערפערטיגט צום דרוק און אין קורצען וועלען ערשיינען:

אמעריקא פאר קאלומבוס, א קולטור־געשיכטליכע נאכפארשונג איבער דעם לעבען, פיהרונגען און מאנומענטען פון די פערשי־דענע פעלקער אין דער נייער וועלט ביז דעם אנקומען פון אייראפעער מיט 45 ערקלעהרענדע צייכנונגען, 175 זייטען, שיין געבונדען, פרייז 60 ס.

## ביאגראפיען:

״יאזעפוס פלאוויאוס״ 64 זייטען, ״ברוך שפינאזא״ 62 זייטען, ״שבתי צבי״ 78 זייטען, ״בר כוכבא״ 50 זייטען, ״דער ווילנער גאון״ 50 זייטען, ״מאהאמעד״, ״לעססינג״, ״יהודה הלוי״, ״היינע״, ״די ראטשילדס״ און פיעל אנדערע.

אגענטען ווערען געפאדערט איבעראל!

The International Library Pub. Co.,

23 Duane St., New York, N. Y.

# אַלט־נייַלאַנד

## די לעצטע בעריהמטע ווערק פון דעם אונגעקרוינטען יודישען קעניג און פאטער פון פאָליטישען ציוניזמוס

## דר. הערצל, ע״ה.

וואָס איז פאָליטישער ציוניזמוס?

ווי אזוי איז די אידעע פון פאָליטישען ציוניזמוס געקומען צו דר. הערצל ע״ה?

אָט דיזע פראגען ווערען ערקלערט אין דער בעריהמטער ווערק „אַלט־ניילאנד" וועלכע איז יעצט ערשיענען, און יעדער יוד ביי וועמען ראָש וואָרט „ציון" איז נאָך טהייער, דאַרף דאָס בוך לעזען, אום ציפ־שעהן די ערהאבענע אידעע פון דעם פאָליטישען ציוניזמוס וואָס עס איז בעשאפען געוואָרען פון דר. הערצל ע״ה.

דאָס בוך „אלט־ניילאנד" פאנגט זיך אָן מיט א ראָמאנטישע ערצעהלונג וועלכע איז זעהר שפאנענד און אינטערעסאנט און אין דערזעלבער צייט ווערט פאָרגעשטעלט די אויספירונג פון ציוניסטישען געדאנק, ווי אזוי פאלעסטינא איז שוין געוואָרען איין יודישער שטאאט און ווערט פֿגרוואלטעט פון איין יודישע רעגירונג, ווי אזוי זי האָט זיך אין א קורצע צייט ענטוויקעלט און איז געוואָרען דער סענטער פון קאָמערץ און אינדוסטריע אין גאנץ אזיען.

מאקס נאָרדוי האָט געזאָגט, אז דאָס בוך „אלט־ניילאנד" איז ניט נור וויכטיג פיר יודען און ציוניסטען, זאָנדערן עס איז א קלאססישע ווערק אין דער אייראָפּעאישער ליטעראטור, די רייכע פאנטאזיע וועלכע דער פערפאסער ווייזט ארויס ביי׳ם שילדערען די לאגע פון דער יודישער מדינה איז אזוי קונסטפֿאָל און מייסטערהאפט בעשריעבען, דאָס מען פיהלט א גייסטיגען פערגעניגען דאָס צו לעזען.

דאָס בוך איז איינגעטהיילט אין פינף טהייל און איז פיין געבונדען אין א קלאָטה־באנד. פרייז 50 סענט. פריי פּאָרטאָ 60 סענט.

צו בעקומען ביי אַלע בוכהענדלער, ווי אויך ביי די הערויסגעבער

THE HEBREW PUBLISHING COMPANY,
BROOKLYN, N. Y. 122-128 Leonard Street

---

# B. Weissberg

**Hamburg I**

besorgt für Export den Einkauf aller Waaren spec. Nahrungsmittel u. Import bei coulant. Bedingungen Ia Bankreferenzen im In- und Auslande.

Telegramme: **Weissberg.**

---

זעהער גוט געהענד 3 פל. 60 קר. — דוטצ. 10% ראבנדט. ציוניסט. קעטע 50 קר. אויף פערלאנגען זענדע גראטיס א. פראנקא פרייזקור. מיט איבער 1800 אילוסט. איבער אוהרען, גאלד־זילבער־וואַרען; תורה געראטהי (כלי קדש ומנורות).

F. Pam Krakau (Oestr) Zielonag 3.



ציוניסטישע אנקער טאשענאוהר.

---

## זייט קלוג און טרינקט „קאלומביא טהעע"

100000־הונדערט טויזענד דאָלאַר מזומן פיר די וואָס טרינקען „קאלומביא טהעע"

דאס וואָרט „קאלומביא" בעשטעהט פון אכט בוכשטאבען: C—o—l—u—m—b—i—a דיזע 8 בוכשטאבען ווערען אַ־יינגעלעגט איינציגסווייז אין די פעקלעך „קאלומביא טהעע" און ווער ס'וועט צוזאמענקלייבען אלע 8 בוכשטאבען פון ווארט „קאלומביא" און וועט זיי צושיקען אין הויפטאפיס וועט בעקומען 5 דאלאר מזומן.

שריפטליך אדרעסירען: **S. Sechnowitz, 193 Divisionstr. New-Jork U. S. A.**

„The Jewisch Future“
A SOCIAL, LITERARY AND SCIENTIFIC MONTHLY.
Editor: Dr. CH. WORTSMANN.

»Еврейская Будущность«
Ежемѣсячный общественный литературный и научный журналъ.

אדמיניסטראציע פֿיר אויסלאַנד:
M. EHRLICH, Krakau (Galizien)
Sebastyana 30.

אדרעסע פֿיר רוסלאַנד:
Др. Х. Вортсманъ, Варшава,
Новолипье 36/77.

פֿערטרעטער פֿיר אמעריקאַ און קאנאדא:
S. DRUCKERMAN, 50 Canal Str. NEW-JORK.

## בוכהענדלער און אגענטען אין רוסלאַנד

וואס בעשעפֿטיגען זיך מיט'ן לאחדים פֿערקויף זאלען זיך ווענדען נור צום
פערטרעטער:
Издательство „ЯВНЕ“, С. А. Левитасъ. Варшава, Купеческая 6.

אבאנעמענטס-פרייז:
יעהרליך 6 שילינג; 7 מארק; 8 פראנק; 6 קראנען; 1.20 דאלאר; 2.50 רובל
1/2 יאהר: 3 „ ; 3 1/2 „ ; 4 „ ; 3 „ ; 0.60 סענט ; 1.25 „

אין אפֿריקא און אויסטראַליע:
א יאהר: 8 שיל., 1/2 יאהר — 5 שיל., איין העפט: 1 שילינג.

פרייז פֿון איין העפֿט:
30 קאפ; 30 קרייצער; 6 פענס; 12 סענט; 75 סענטים; 60 פֿפֿעניג.